


פינלאנדס עפאס
פון ליפיען

ייִדיש --
פון
הערש ראָזענפעלד

Chaim Gross

# KALEVALA

TRANSLATED BY

HERSH ROSENFELD

שער־בלאַט — חיים גראָס; צייכענונג צו דער
זעקסטער רונע — לעאָ מיכעלסאָן; צייכענונגען
צו דער פערטער און זיבעצענטער רונע —
י. שלאָס; אותיות צו יעדע רונע און צייכענונג
צום איינבאַנד — אַלעקס לאַנדאַו; אַלע איבע־
ריקע אָרנאַמענטן זענען איבערגעדרוקט פון אַן
אָריגינעלער פינישער אויסגאַבע.

סדר פון זאַץ און איינבאַנד — ישראל לאַנדאַו



PRINTED IN THE UNITED STATES OF AMERICA
BY MARSTIN PRESS, INC., NEW YORK CITY



עליאס לענראָט

1802—1884

מיין ליבער פרוי פעסל,
וואָס האָט מיר שטענדיק דערמוטיקט
און געהאָלפן,

און מיינע טייערע קינדער,
בען און ראוז.

הערש ראָזענפעלד

# אינהאַלט:

## עס איז אַן אָנגענומענער כּלל

אַז ליטעראַטור מעסט מען ניט נאָר אויפֿן סמך פֿון אָריגינעלע ווערק, נאָר אויך אויף דער צאָל איבערזעצונגען פֿון דער קלאַסישער ליטעראַטור, וואָס זי פֿאַרמאָגט. ביזן יאָר 1939, ד. ה. פֿאַר דער היטלער קאַטאַסטראָפֿע האָט די יידישע ליטעראַטור זיך פֿאַרשאַפֿט א סך קאָמפּעטענטע איבערזעצונגען אין פּאָעזיע, פּראָזע און אפֿילו וויסנשאַפֿט געמאַכט פֿון פֿרעמדע שפּראַכן. די לאַגע האָט זיך, ליידער, שטאַרק געענדערט צום שלעכטן. ממילא איז יעדע נייע איבערזעצונג פֿון די וועלט ליטעראַטורן אַ געווינס און א דערפֿרייענדיקנדיקע דערשיינונג.

הערש ראָזענפֿעלדס איבערזעצונגען פֿון דעם נאַציאָנאַלן, פּאָעטישן עפּאָס פֿון פֿינלענדישן פֿאָלק, פֿון דער קאַלעוואַלאַ, איז א וויכטיקער קולטור־ליטעראַרישער ענין. דאָס ווערק איז שוין לאַנג איבערזעצט געוואָרן אינגאַנצן אָדער אין טיילן אין כמעט אַלע קולטורשפּראַכן פֿון דער וועלט. (אויף העברעאיש האָט קאַלעוואַלאַ איבערגעזעצט דער גרויסער פּאָעט שאול טשערניכאָווסקי און איז אפֿילו אויסגעצייכנט געוואָרן פֿון דער פֿינלענדישער אַקאַדעמיע פֿאַר ליטעראַטור.)



דער נאָמען קאַלעוואַלאַ שטאַמט פֿון וואָרט קאַלעווא, וואָס מיינט פֿינלאַנד. אין דעם עפּאָס ווערט דערציילט וועגן די דריי זין פֿון קאַלעווא, וועגן זייערע אַוואַנטורעס, איבערלעבענישן און געשענישן. די כאַראַקטערן ווערן געמאָלן מיט א חוש פֿאַר הומאָר, פֿאַר דעטאַלען און פּסיכאָלאָגישע אייגנקייטן. איין זין (לעמינקאַיינען) ווערט אפֿילו באַטראַכט פֿאַר דעם עלטסטן פּראָטאָטיפּ פֿון א דאָן־זשואַן אין דער וועלט ליטעראַטור.

קאַלעוואַלאַ עפֿנט זיך מיט א טיף פּאָעטישער קאָסמאָגאָניע ד. ה. מיט אַן אָריגינעלן בראשית פֿון דער אַנשטייאונג פֿון דער וועלט. דער פֿינלענדישער אורגאָט, אוקקאָ, דערמאָנט אביסל דעם גריכישן זעאוס. די גאַנצע פּאָעמע איז געשריבן אין אכטזילביקע, טראָכעאישע שורות, איז פֿאַרטיילט אין לידער וואָס הייסן רונעס.

ביזן 19טן יאָרהונדערט זענען געווען באַקאַנט נאָר ברעקלעך און שטיקלעך פֿון דער קאַלעוואַלאַ, פֿאַרשריבן פֿון מויל פֿון פֿינישע פּויערים, ניט נאָר אין פֿינלאַנד גופֿא, נאָר אויך אין אייניקע טיילן פֿון צפֿון רוסלאַנד. אין יאָר 1822 האָט ד״ר זאַכאַריאַס טאָפּעליוס אָפּגעדרוקט עטלעכע רונעס. ערשט אין 1835 איז ארויס

א גרעסערע זאַמלונג צונויפגעשטעלט פון ד״ר עליאס לענראָט, וואָס איז באַשטאַנען פון 32 רונעס (12.000 שורות). דעמאָלט האָט מען געמיינט אַז דאָס איז זיכער שוין דער פולשטענדיקער טעקסט. עס האָט זיך אָבער אויסגעלאָזט אַז אין פאָלק ווערן געזונגען אַ סך רונעס וואָס מען האָט זיי קיינמאָל ניט פאַשריבן. דאָס זאַמלען פון די רונעס איז געוואָרן ממש אַ נאַציאָנאַלע שליחות, דורכגעפירט פון פאָלקס־מענטשן און אויך לערערס. אין 1849 האָט שוין די קאַלעוואַלאַ געציילט 50 רונעס מיט קנאַפּע 23 טויזנט שורות. אַ קאָמפּלעטע אויסגאַבע איז דערשינען אין יאָר 1887. זינט יענעם יאָר זענען דערשינען אַ סך נייע אויסגאַבעס, אַקאַדעמישע, פאָלקסטימלעכע, אילוסטרירטע און פּשוטע.

די וועלט איז באַגייסטערט געוואָרן פאַר דער פּאָעטישקייט פון דער קאַלעוואַלאַ. גענוג צו לייענען די מיינונגען פון געטע, מיצקעוויטש און אַנדערע גרויסע פּאָעטן. אין 1852 איז דערשינען שיפנערס דייטשע איבערזעצונג וואָס איז געוואָרן דער יסוד פאַר אַ סך אַנדערע איבערזעצונגען.

הערש ראָזענפעלד גיט אַרויס די ערשטע אַכצן רונעס פון דער קאַלעוואַלאַ. אָט־די אויסגאַבע דאַרף הייס באַגריסט ווערן, מחמת דעם וואָס דאָס גיט אַ געלעגנהייט דעם ייִדיש־לייענער זיך צו באַקענען מיט אַ גרויסער עפּאָפּעיע פון דעם העלדיש און גאַלאַנטן פאָלק, די פינלענדער.

די איבערזעצונג איז ניט געמאַכט געוואָרן פון אָריגינעל נאָר איז געטון געוואָרן אויפן יסוד פון עטלעכע איבערזעצונגען; כדי צו קענען פאַרגלייכן מיטן אָריגינעל האָט הערש ראָזענפעלד ספּעציעל שטודירט פיניש אין קאָלאָמביאַ אוניווערזיטעט.

אין דער איבערזעצונג שטעקט אַ סך אַרבעט און דיכטערישע אינטואיציע.



אויב די דאָזיקע איבערזעצונג פון דעם בוך וועט נושא חן זיין ביים ייִדיש־לייענער, וועט געטאָן ווערן אַלע אָנשטרענגונגען אַז הערש ראָזענפעלד זאָל אונז מזכה זיין מיט אַ פולער איבערזעצונג פון אַלע ביז־איצט־געפונענע רונעס.

---

די אַכצן רונעס זענען כמעט זעלבסטשטענדיקע לידער, וואָס לאָזן זיך לייכט לייענען און וואָס געבן אַ בולט בילד וועגן דעם פּאָעטישן ווערט פון דעם דאָזיקן פינישן עפּאָס וואָס האָט ניט זיין גלייכן אין דער גאַנצער וועלט ליטעראַטור.

ד״ר יעקב שאַצקי



י קאַלעוואַלאַ איז אַ זאַמלונג פֿון די פֿינישע עפּישע לידער. אין דער עפּישער פּאָעזיע פֿאַרנעמט די קאַלעוואַלאַ אַ פּלאַץ אויבן־אָן אי צוליב איר אינערלעכער שיינקייט און פֿרישקייט, אי צוליב איר אַלטקייט. פֿאַראַן אַ מיינונג, אַז די קאַלעוואַלאַ איז שוין אַלט אַ פּאָר טויזנט יאָר. זי איז פֿול מיט דעם גאָר אַלטן אַמאָל, מיט דער פֿאַר־קריסטלעכער צייט, מיט דעם גענצ־דיניערישן ציטער און שוואונג.

פֿון דעם אָנהויב ביזן סוף פֿון דער קאַלעוואַלאַ, ציט זיך ווי אַ רויטער שנור, דער אַנימיזם. אַלץ לעבט: די בערג און די טאָלן, די ווינטן, די וואָלקנס, די ימים און טייכן, די זון, די לבֿנה און די שטערן, דאָס פֿייער, דער שניי און דער פֿראָסט. אַפֿילו זאַכן, געמאַכט פֿון אַ מענטשלעכער האַנט, לעבן און זיינען פֿאַרבונדן מיט מענטשן, ווי פֿריינט אָדער ווי פֿיינט.

אַמאָל זיינען זיי גוט צום מענטשן און אַמאָל — שלעכט. דער מענטש וויל זיי אַריבערציִען אויף זיין זייט. ווירקט ער אויף זיי מיט ווערטער (געבעט), מיט שפּרוכן און מיט געזאַנג. כּישוף שפּילט זייער אַ גרויסע ראָלע, און די קאַלעוואַלאַ איז פֿול מיט כּישוף־שפּרוכן, באַשווערונגען און מיט געזאַנג. געזאַנג אַליין איז שוין כּישוף. מיט געזאַנג קאָן מען אָפּשטעלן די ברויזנדיקע כוואַליעס אויפֿן ים, אַרויסרופֿן גראָז אויף נאַקעטע פֿעלדער. מען קאָן שלאָגן און פֿאַרניכטן אַ שונא מיט לידער. קעגנער פֿאַר־

מעסטן זיך מיט געזאַנג — ווער עס זינגט בעסער, דער זינגט און ווישט אָפּ דעם שונא. אָט וואָס עס טוט זיך אָפּ, ווען דער אַלטער זינגער און מכשף וואַינאַמאָינען הויבט אָן זינגען, ווען ער ווערט אין כעס אױף אַ יונגערן העלד פֿון דער קאַלעוואַלאַ — אױפֿן העלד יאָוקאַהײנען:

זינגט דער אלטער וואינאמאָינען
און די לידער זיינע קלינגען,
אז דער ים ווערט אויפגעשוואָלן,
און די ערד הויבט אָן זיך שאָקלען,
און די קופער-בערג זיך טרייסלען,
און עס פלאצן הארטע פעלזן,
שטיינער פליען זיך פאנאנדער . . .

געזאַנג אַליין איז שוין כישוף. אַ כישוף, וואָס פֿלעפּט אײך שוין מיט די אײנפֿאַלן אַזוי, אַז איר אַליין ווערט ווי פֿאַר-כישופֿט. נעמט, צום בײַשפּיל דאָס געזאַנג אין דער דריטער רונע, וואו עס ווערט געשילדערט דער פֿאַרמעסט פֿון דעם יונגן יאָוקאַהײנען קעגן דעם אַלטן זינגער וואַינאַמאָינען. אָט וואָס וואַינאַמאָינען׳ס לידער טוען צום אינגלינג, דעם חצוף, יאָוקאַהײנען:

און ער זינגט און זינגט אלץ מערער,
און אף יאָוקאהיינען׳ס דישעל
הויבן ביימלעך אָן צו וואקסן,
אפן כאָמוט גרינט א ווערבע,
פון די לייצעס ווערט אן אָלכע,
און פון שליטן — דארע צווייגן,
און די בייטש באדעקט מיט פערל
ווערט אין א טשערעט פארוואנדלט,
און דאָס פערד מיטן ווייסן שטערן
בלייבט א שטיין ביים שטראָמיג וואסער,

פון דער שווערד מיטן גאָלדענעם הענטל
ווערט א העלער בליץ אין הימל,
פון דעם שײן-געפּאַרבטן בויגן —
אפן ים א רעגנבויגן,
און פון זײנע לײכטע פײלן
ווערן שפּארבער און זײ פליען,
און דער הונט מיטן פיסק פּאריסן
ווערט אין זאמד ווי שטײן פאַרזונקען.

דאָס אַלץ ווערט דערגרײכט דורך געזאַנג. עס איז אָבער דאָ נאָך אַ כוח — דאָס וואָרט — דער כישוף-שפּרוך און די תפילה וואָס קאָנען איבערקערן וועלטן. וואַינאַמאָינען נוצט אויך אָט דעם כוח. אָט וואָס באַשפּרעכונגען טוען:

און דער אלטער וואַינאַמאָינען
הײבט דאָס היטל אָן באשפּרעכן,
און עס ווערט דערפון א וואָלקן,
און די הענטשקעס זײנע ווערן
אין דעם ים צווײ וואסער-בלומען,
און דער בלויער קאפּטאן זײנער
ווערט א כמארע אויפן הימל,
פון דעם זילבערדיקן גארטל
ווערן פינקלדיקע שטערן.

דאָס געבעט, די תפילה, אין דער קאַלעוואַלאַ, איז דירעקט און קורץ. די העלדן ווענדן זיך צו גאָט (אוקקאָ), דעם טרעגער פון די הימלען, שטענדיק, ווען זײ געפינען זיך אין אַ צרה, אָדער ווען זײ דאַרפן עפּעס אַן אויסערגעוויינטלעכע טובה. פאַראַן אין דער קאַלעוואַלאַ געטער און געטינס, גוטע און שלעכטע. די העלדן ווייסן ווען צו בעטן און ווי אַזוי צו בעטן. וואַינאַמאָינען ליגט ביי זיין מוטער אין בויך ניין הונדערט יאָר כסדר, ווערט אים נמאס דאָרט צו ליגן, וויל ער זיך באַפרייען.

ער וויל אַרויס אַף דער ליכטיקער וועלט, כדי צו קוקן אַף דער זון אין הימל, אַף דער לבנה און אַף די שטערן. בעט ער זיך ביי דער זון לבנה און ביים בער אין הימל:

„פיר ארויס מיך, אָ, לבנה,
פיר מיך, זון, איך בעט דיך איצטער,
פיר ארויס מיך, בער אין הימל,
פון די אומבאַקאנטע טירן,
פון די טויערן די פרעמדע,
פון מיין קליינער איינגער וואוינונג,
פון מיין חשכ׳דיקער תפיסה!"

אַזוי גייט אַ געבעט צו דער באַשיצערין פון פעלדער, אַז די ערד זאָל ווערן פרוכטבאַר, אַז דער גערשטן זאָל וואַקסן:

„דו, באשיצערין פון פעלדער,
פון דער ערד, אָ, מוטער אלטע!
פיר ארויס די צארטע פלאנצן,
זאָל די ערד זיי טרייבן, נערן."

וואינאַמאָינען ווענדט זיך דירעקט צו דער ערד און בעט זי:

„ערד, ערוואך פון שלאָף אצינדערט,
הויב זיך אויף איצט פון דיין דרימל,
טרייב ארויס די ערשטע בלעטלעך,
מאך די שטיינגעלעך צו וואקסן,
זאָלן אויפגיין טויזנט זאנגען,
הונדערט צווייגעלעך זאָל וואקסן,
דורך מיין אקערן און זייען,
דורך מיין מי און שווערער ארבעט."

דערמאָנט אייך ניט אַט־די ווענדונג אָן אונזער אייגענער לע־גענדע, אַז ביי יעדן גרעזעלע שטייט אַ מלאך און רופט צו דעם: וואַקס!

הונדערטער ביישפּילן אין דער קאַלעוואַלאַ אילוסטרירן די קראַפט פון וואָרט און פון געזאַנג — אין כישוף און אין תפילה.

## ב

די קאַלעוואַלאַ באַשטייט פון פופציק רונעס, איינגעטיילט אין עטלעכע ציקלען. דער גרעסטער ציקל, כמעט אַ העלפט פון דער קאַלעוואַלאַ דערציילט און באַזינגט די העלדן וואַינאַמאָינען און אילמאַרינען. אָט־די העלדן וואוינען אין קאַלעוואַלאַ אָדער אין קאַלעוואַ־לאַנד, אין דרום פינלאַנד. אין פּאָכיאָלאַ, אין דעם צפון׳דיקן טייל, וואוינט די אַלטע האַרין פון צפון, לאָוכי. זי האָט אַ יונגע שיינע טאָכטער, וואָס זיצט אפן רעגנבויגן און וועבט פאַר זיך קליידער פון גאָלד און זילבער. צו אָט־דער שיינער מיידל שדכנ׳ט זיך וואַינאַמאָינען. אָבער זי וויל אים נית. דער גרויסער מייסטער, דער קאָוואַל אילמאַרינען, האָט מער מזל. די האַרין פון פּאָכיאָלאַ שטימט צו צום שידוך. אָבער ער מוז פריער ווייזן וואָס ער קאָן. ער מאַכט פאַר זיי די סאַמפּאָ — אַ כישוף־קעסטעלע מיט וועלכן מען קאָן איבערקערן וועלטן. די העלדן לאָזן זיך שפּעטער ווידער קיין פּאָכיאָלאַ אָפּצונעמען די סאַמפּאָ. זיי באַגעגענען זייער פיל שטרויכלונגען און ווייזן אַרויס אַ סך העלדנטאַטן און וואונדערלעכע איינפאַלן. וואַינאַמאָינענ׳ס חכמה, זיינע גבורות, שפּילן די גרעסטע ראָלע אין דעם קאַמף פאַר דער סאַמפּאָ.

פאַראַן אַ גרופּע פון אַרום צען רונעס, וואָס באַזינגען די גבורות פון דעם העלד לעמינקיינען, זיין טויט, און ווי זיין מאַמע ברענגט אים צוריק צום לעבן.

## ג

אַ דריטער ציקל באַשטייט פון חתונה־לידער, אין וועלכע עס ווערט געשילדערט דער טרויעריקער גורל פון דער כלה, וואָס

מוז פאַרלאָזן טאַטע-מאַמע, שוועסטער און ברידער און גיין צו פעמדע מענטשן, צו שווער-און-שוויגער, שוואָגערס און שוועגערינס.

אַ ציקל פון זעקס רונעס דערציילן-זינגען וועגן דעם העלד קולערוואָ, דעם בייזן זון פון קאַלערוואָינען.

די ערשטע רונע האָט אַ קורצן אַריינפיר וועגן די רונעס, און שילדערט דאָס געבורט פון וואַינאמאָינען. דאָס זיינען געזאַנגען פון וועלט-באַשאַף.

די פופציקסטע, די לעצטע רונע, איז דאָס געזאַנג וועגן מאַריאַ-טאַ'ן און איר זון, וועמעס טאַטע איז געווען אַ פעלד-יאַגעדע.

ד

אַף אויפזאַמלען אַט-די רונעס האָבן געאַרבעט אַ סך מענטשן. יאָרנלאַנג האָבן זיי געזוכט און געני‍שטערט צווישן פאָלק און האָבן צוזאַמענגעקליבן שטיקלעך און ברעקלעך פון אַט-די לידער. אָבער ערשט מיט איבער הונדערט יאָר צוריק האָט זיך איינגעגעבן דר. עליאַס לענראָט אויפצוזאַמלען און צוזאַמענשטעלן די קאַלעוואַלאַ, ווי זי איז איצט. אין יאָר 1835 האָט ער פאַרעפענטלעכט אין העלסינקי, פינלאַנד, די קאַלעוואַלאַ אין צוויי בענד. אַרויסגעגעבן דאָס ווערק האָט די פינישע ליטעראַטור-געזעלשאַפט. אין 1849 איז דערשינען אַ צווייטע אויסגאַבע, אין וועלכער עס זיינען געווען פופציק רונעס מיט אַרום דריי-און צוואַנציק טויזנט פערזן.

די קאַלעוואַלאַ איז גלייך געוואָרן אַ סטימולירנדיקער כוח אין דעם קולטור-לעבן פון פינלאַנד. די בעסטע אינטעלעקטועלע כוחות האָבן פון יענער צייט אָן זיך גרופּירט אַרום דער פינישער ליטעראַטור-געזעלשאַפט, טאַקע כדי אַרויסצוגעבן די קאַלעוואַלאַ און כדי ווייטער צו זוכן אין די טיפענישן פון פאָלק ענלעכע פערל. און שוין איבער הונדערט יאָר אַז מען האַלט אין איין זוכן און זאַמלען דעם פאָלקלאָר.

אַט די געזעלשאַפֿט האָט שוין פֿאַרעפֿנטלעכט טויזנטער און טויזנטער לידער, מעשׂות און כּישוף־שפּרוכן, וואָס אומדערמיד־לעכע פֿאָרשער האָבן אויפֿגעזאַמלט.

און ווער ווייסט — עס קאָן נאָך אפֿשר אַמאָל קומען אַ צווייטער דר. עליאַס לענראָט, וואָס זאָל אָט־די אַלע פּערל אויפֿנייזשען און אַרויסברענגען פֿאַר פֿינלאַנד און אויך פֿאַר דער וועלט אַ ווערק, ענלעך צו דער קאַלעוואַלע.

די קאַלעוואַלאַ האָט באַווירקט די שעפֿערישע כּוחות פֿון פֿינ־לאַנד און אויך פֿון דער אייראָפּעאישער וועלט. די ווירקונג שפּירט מען אין דער מוזיק. דער פֿינישער קאָמפּאָזיטאָר סי־בעליוס האָט געשאַפֿן זיין פֿינלאַנדיאַ, אין וועלכער מען הערט די שטורמווינטן, וואָס ווערן געשילדערט אין דער קאַלעוואַלאַ. די ווירקונג איז קענטיק אין דער מאָלעריי, און אַוודאי אין דער פּאָעזיע.

ווער עס וועט זוכן, וועט געפֿינען די ווירקונג פֿון דער קאַלעוואַלאַ אויך אין אונזער אידישער פּאָעזיע.

די קאַלעוואַלאַ איז איבערגעזעצט געוואָרן אין פֿיל אייראָ־פּייאישע שפּראַכן.

איך וויל דאָ אויסדריקן מיין דאַנק אַלע מיטגלידער פֿון דעם קאָמיטעט, באַזונדערס דעם טשערמאַן דר. י. שאַצקי און דעם סעקרע־טאַר אליהו שולמאַן.

אַ האַרציקן דאַנק די קינסטלער חיים גראָס, לעאָ מיכעלסאָן און י. שלאָס פֿאַר זייערע אילוסטראַציעס. דער גייסט פֿון דער קאַלעוואַלאַ שוועבט איבער זייערע צייכענונגען.

אַ דאַנק קומט אויך אַלעקס לאַנדאָן פֿאַר די שיינע אותיות ביים אָנהויב פֿון יעדער רונע. אפֿילו אין די אידישע אותיות איז דאָ דער קאַלעוואַלאַ גייסט.

גאַנץ באַזונדערס וויל איך דאַנקען מיין פֿריינט ישׂראל לאַנדאָן פֿאַר זיין זאָרג און מי אַרויסצוגעבן דאָס בוך אַזוי וואונדערלעך שיין.

ה ע ר ש ר אָ ז ע נ פֿ ע ל ד

ניו יאָרק, מערץ, 1954

# ערשטע רונע

## וואינאמאָינען ווערט געבוירן

### איינלייטונג (1—102).

די טאָכטער פון דער לופט לאָזט זיך אַראָפּ אין ים; די כוואַליעס און דיווינטן שפּילן זיך מיט איר ביז זי ווערט מעוברת (103—176). אַ פויגל בויט אַ נעסט אף איר קני און לייגט דאָרט אייער (177—212). די אייער קייקלען זיך אַריין אין ים און ווערן צעבראָכן; פון די שטיקער ווערט ערד און הימל, זון און לבנה, שטערן און וואָלקנס (213—244). דאָס מיידל מאַכט די לאַנד־איינשניטן, די בוכטעס, די ברעגן. וואינאַמאָינען ווערט געבוירן. ער וואַנדערט אַרום אין דעם וואַסער אַזוי לאַנג ביז ער קומט צו צו לאַנד.




ון א שטארקער לוסט געטריבן,
פון פארשטאנד ארויסגעפאדערט,
בין איך איצטער גרייט צו זינגען,
גרייט איצט מעשות צו דערציילן,
גרייט צו זינגען אונזער שטאם־ליד —
דאס געזאנג פון אלטע דורות.
ווערטער שטראמען איצט פון מויל מיר

און עס גליטשן זיך די טענער,
ווילן פון מיין מויל זיך רייסן,
ווילן מיינע ציין מיר עפענען.

גאָלדענער פריינט, מיין ליבער ברודער!
דו, דער ליבסטער פון חברים!
לאָמיר איצט צוזאמען זינגען,
לאָמיר מעשות זיך דערציילן,
זיינען מיר דאָך שוין צוזאמען,
דורך א צופאל זיך באגעגנט.
זעלטן טרעפט מען זיך צוזאמען,
זעלטן גייען מיר צוגאסט דאָ,
אין דעם לאנד דעם גרויזאם־קאלטן,
אין דעם אָרעמען לאנד פון צפון.

לאָמיר ביי די הענט זיך נעמען,
לאָמיר איינפלעכטן די פינגער
און זיך נעמען פריילעך זינגען,
און זיך מעשות איצט דערציילן,
זאָלן גוטע מענטשן הערן,
זאָל דער דור, וואס וואקסט איצט, הערן.
כ'קען פון קינדהייט נאָך די ווערטער,
און פון אלטע, אלטע צייטן
קומען אלע מיינע לידער,
און עס נעמען זיך די מעשות
פון דעם וואינאמאינענ־גארטל,
פון דער אילמארינען־קוזניע,
פון דער שווערד פון קאוקאמיעלי,
פון דעם בויגן יאוקאהיינענ'ס,
פון די ברייטע נאָרדלאנד־פעלדער,
פון די קאלעוואלא־טאָלן.

אַט־די לידער האָט מיין פאָטער,
האָט מיין גוטער אַלטער פאָטער.
נאָך געזונגען ביי זיין ארבעט,

און מיין ליבע גוטע מוטער
האט געדרייט דאס פלינקע שפינדל
און די לידער מיך געלערנט,
ווען איך בין א קינד געווען,
בעת איך בין ארומגעקראכן,
אף דער הוילער ערד געפויזעט,
מיט דער מילך נאך אף די ליפן.

ס׳פעלט דא ניט קיין צויבער־מעשות,
מעשות וועגן סאמפא־כישוף,
מעשות וועגן לאוכי׳ס שפרוכן.
אין געזאנג ווערט אלט די סאמפא,
לאוכי הערט אויף כישוף אפטאן,
אין דעם ליד גייט אויס וויפונען,
ביי דעם שפיל שטארבט לעמינקיינען.
און פיל אנדערע לעגענדעס,
און פיל כישוף־שפרוכן קאן איך,
טייל האט מען מיך אויסגעלערנט,
טייל האב איך אליין געפונען
ביי די זייטן פון די וועגן,
און א סך האב איך געזאמלט
אין די שמעקעדיקע וועלדלעך,
טייל האב איך אראפגעריסן
פון די צווייגן פון די בוימער,
פון די הויכע סאסנע־שפיצן,
פיל האב איך דערשפירט אין טאלן
צווישן פלאנצן, צווישן בלומען,
פיל פארנומען האט מיין אויער
אף די האניק־רייכע לאנקעס,
אף די גאלדיק־גרינע בערגלעך,
וואו איך האב די שאף געפאשעט,
און געגאנגען נאך מוריקי׳ן,
נאך מוריקי׳ן נאך דער שווארצער
און דער שייך־געפלעקטער קימא׳ן.
רונעס פלעגט דער פראסט מיר זינגען,
און די פייגל פון די וועלדער,
און די כוואליעס פון די ימים
פלעגן אפט מיך לידער לערנען.

און די לידער און די מעשות
פלעג איך אויפקייקלען אין בינטלעך,
און זיי פירן אף די שליטנס,
אף די שליטנס צו מיין שטיבל,
און אין קעסטעלעך, מיט קופער
אויסגעפלאסטערטע, באהאלטן.

אפגעלעגן אין מיין שטיבל
דורך די פראסטיקע ווינטער־ווינטן
זיינען זיי א צייט א לאנגע,
דורות גאנצע דארט געלעגן;
זאל איך איצטער אט־די לידער
פון באהעלטעניש באקומען?
זאל איך אט־די אלע קעסטעלעך,
וועכטער פון די גאלדענע מעשות,
אף דעם טיש אט איצט צעלייגן,
אונטער די געמאלטע באלקנס
אין מיין שטיבל אין דעם אלטן?
זאל איך עפענען די קעסטעלעך,
אנגעפילט מיט צויבער־מעשות?
זאל איך אפקניפן דעם עק איצט
פון דעם קנויל פון אלטער חכמה,
און דערציילן אייך אט איצטער
די לעגענדעס פון די פאטערס?

לאם איך אויסזינגען אצינדערט
דאס געזאנג פון אלטע דורות!
זאל דער אפקלאנג זיך צעטראגן
ביי דעם ביר, וואס איך וועל טרינקען,
ביי דעם ברויט, וואס איך וועל עסן;
וועט מען מיר קיין ביר דערלאנגען,
וועט קיין ברויט ביים טיש ניט ליגן,

וועל איך פאַרט די לידער זינגען
ביי א ביסל ריינעם וואסער.
איך וועל זינגען אַט־די לידער
פאר דער פרייד פון אונזער אוונט,
פאר דעם לאנגן נאַרדלאנד־אוונט,
פאר דער פרייד פון די פארטאָגן,
פאר דער שיינקייט פון פרימאָרגן.

אָפט געהערט האָב איך דערציילן,
אָפט געהערט אין לידער זינגען,
אז ביי אונז פאלט נאכט צו איינזאם,
און די טעג זיי שיינען איינזאם,
אזוי איינזאם איז געבאָרן
דער באַרימטער וואינאמאָינען,
וואינאמאָינען דער מכשף,
ביי זיין מוטער, עטערס טאָכטער.

גאַר פארצייטן האָט א מיידל,
האָט א שיינע עטער־טאָכטער
אָפגעלעבט זיך כמה יאָרן
אין די ברייטע הימל־רוימען
איבער פרייריס נאָך געקנוילטע,
ביסקל זי איז מיד געוואָרן,
טרויעריק, אָן האָפענונגען,
אזוי לאנג אליין צו לעבן
אין די ברייטע הימל־רוימען,
אין דער לופטן איבער ים־שוים,
אין דער איינזאמקייט פון עטער,
און זי איז אראָפּגעגאנגען,
צו דעם ים אראָפּגענידערט ;
שוימיק וואסער — איר געלעגער,
כוואליעס זיינען אירע קישנס.

פלוצלינג הויבט זיך אויף א שטורעם,
קומט מיט צאָרן אָן פון מזרח,
שמייסט דעם ים, צעברויזט דאָס וואסער,
הויבט די כוואַליעס ביז צום הימל,
שמייסט די שטערן מיט די כוואליעס,
ביז זיי ווערן ווייס פון כעס.
און דאָס מיידל ווערט געשליידערט,
ווי א שפּענדל אויפן וואסער,
שטיפן מיט איר גרויסע כוואליעס,
שפּאסן מיט איר שטורעם־ווינטן
אָף דעם בלויען וואסער־רוקן,
אָף דעם ים דעם שוימיק־ווייסן,
אלע כוחות פון די ימים
שטיפן מיט דעם הילפלאָזן מיידל,
ביז לסוף ווערט זי מעוברת
פון דעם וואסער, פון די ווינטן.

אָנגעלאָדן מיט דער משא,
קאָן דאָס מיידל זיך ניט הויבן
אָף דער פלאכקייט פון דעם וואסער.
זיבן הונדערט יאָר כסדר
האָט דאָס מיידל אלץ געוואנדערט ;
ניין מאָל לעבן פון א מענטשן
איז דאָס מיידל אומגעשוואומען,
און זיך ניט ארויפגעהויבן
אָף דער פלאכקייט פון דעם וואסער,
איבער אירע שווערע ווייען.
זיבן הונדערט יאָר געליטן
ביז זי האָט א זון געבאָרן ;
אומגעשוואומען איז די מוטער
אָט קיין מזרח, אָט קיין דרום,
און קיין מערב, און קיין צפון,
אומעטום איז זי געשוואומען,
ביז זי האָט א זון געבאָרן.

הויבט די מוטער אָן פון ווייען
לייכט צו כליפּען און צו ריידן,

זיך פון הארץ אראָפּצוריידן:
"ווי איז מיר און ווי מיין מזל!
ס'אַרא פּלאָגעניש און ווייטיק!
וואו בין איך אריינגעפאלן?
וואָס האָב איך מיין היים פארלאָזן,
צו באזעצן זיך אין ים־שוים,
אז די כוואליעס זאָלן וואַרפן,
און די ווינטן אויף דעם וואסער,
אויף די ברייטע וואסער־שטרעקעס,
זאָלן הוידען מיך און טרייסלען!
וואָלט דען בעסער ניט געוועזן,
אוקקא גרויסער, מויד צו בלייבן,
ווי צו ווערן וואסער־מוטער!
דאָ איז קאלט און טריב דאָס לעבן,
און מיין בלאנקען אף דעם וואסער,
און מיין וואנדער איבער ימים
ברענגט אף יעדן שריט מיר ווייטיק!
אוקקא, דו, אָ גאָט דער העכסטער!
אוקקא, טראָגער פון די הימלען!
מיין געבעט פארנעם אצינדערט,
קום אהער, דיין הילף איז נויטיק,
קום אהער און העלף מיר איצטער
זיך באפרייען פון די צרות,
אויסצולייזן זיך פון ווייען!
קום געשווינד, אייל צו זיך שנעלער,
שנעלער נאָך, ווי איך באדאַרף דיך!"

ווי זי ענדיקט נאָר צו בעטן,
ניט פארגאנגען נאָך קיין רגע,
ערשט עס פליט א שיינע ענטל,
לאָזט זיך צו דער וואסער־מוטער,
פלאטערט אום און זוכט און נישטערט,
זוכט א פלאץ אף אָפּצורוען,
ערגעץ־וואו א נעסט צו בויען,
פליט קיין מזרח, פליט קיין מערב,
לאָזט קיין צפון זיך, קיין דרום,
זעט אין ערגעץ ניט קיין בערגל,
קען קיין זיכער פלאץ געפינען;
און זי פליט און פליט פאמעלעך,
קוקט און זוכט אף אלע זייטן —
נאָר נישטאָ וואו אָפּצורוען.
הויבט זי אָן צו טראכטן־קלערן,
הויבט אליין צו זיך אָן ריידן
אף א קול אזוינע ווערטער:
"וועל איך נעסט אף ווינט זיך בויען?
אף די וואסערן מיין רו־פלאץ?
וועט דער ווינט מיין נעסט צעשטערן,
וועלן כוואליעס זי פארשווינקען."

ערשט די שיינע עטער־טאָכטער,
די ניט־מזל'דיקע מוטער,
שטעקט איר קני ארויס פון וואסער,
הויבט די פּלייצעס פון די כוואליעס:
זאָל א נעסט דאָס ענטל בויען,
אף א רואיק פלאץ פארווײלן.
פליט דאָס ענטל צו פאמעלעך,
זעט די פּלייצעס פון דעם מיידל,
מערקט די קני פון עטער'ס טאָכטער,
נעמט זיי אָן פאר גרינע בערגלעך
אף דעם בלויען וואסער־רוקן,
און זי שוועבט ארונטער לאנגזאם,
זעצט זיך אף דער קני אנידער,
הויבט א נעסט פאר זיך אָן בויען,
און געפינט א פלאץ זיך דאָרטן,
וואו צו לייגן אירע אייער;
לייגט זי זעקס פון לויטער גיין־גאָלד
און דאָס זיבעטע — פון אייזן;
זעצט אנידער זיך דאָס ענטל
אף די אייער זיי צו בריען,
זיצט זי איין טאָג און א צווייטן,
און דעם גאנצן טאָג דעם דריטן.
הויבט דאָס מיידל אָן צו שפּירן,

אז דאָס וואַסער ווערט אַלץ הייסער,
אז איר הויט הויבט אָן צו ברענען,
און די אָדערן צו גליִען.
טוט זי האַסטיק זיך אַ טרייסל,
טוט אַ שאָקל אירע קניִעס —
פאַלט די נעסט פון איר אַרונטער
און די אייער — גלייך צום אָפּגרונט
און צעברעכן זיך אויף שטיקלעך.

אין דעם זאַמד ניט אומגעקומען,
אין דעם וואַסער ניט פאַרלוירן,
נאָר מיט וואונדערלעכער שיינקייט
קומען זיך די שטיק צוזאַמען
און באַהעפטן זיך אין העלפטן,
אין צוויי שיינע גלייכע העלפטן,
איין העלפט אויבן, איינע — אונטן;
פון דער העלפט, וואָס ליגט פון אונטן,
ווערט דאָ, אונטן, ערד באַשאַפן,
פון דער אויבערשטער, דער צווייטער,
וועלבט זיך אויס דער הימל אויבן.
פון דעם שטיקל געלכל אויבן
הויבט די זון דאָרט אָן צו שטראַלן,
פון דעם שטיקל ווייסכל דאָרטן
שיינט אַראָפּ צו אונז לבנה,
פון די טיילכעלעך די העלע
ווערן שטערן אויף דעם הימל,
און פון אַלע טונקעלע טיילן
ווערן וואָלקנס אין דער לופטן;
און די טעג זיי שווינדן אייליק,
און עס קייקלען זיך די יאָרן,
פון דער יונגער זון באַלויכטן,
פון לבנה־שיין באַגאָסן.

און די שיינע עטער־טאָכטער
שווימט נאָך אַלץ אַרום אין וואַסער

אויף די שלעפּערדיקע כוואַליעס,
אויף די נעפּלדיקע פלאַכן.
פאַר זיך האָט זי וואַסער־שטרעקעס,
איבער זיך — דעם בלויען הימל.

ענדלעך אין דעם נײַנטן יאָר ערשט,
פונקט אַרום דעם צענטן זומער,
הויבט זי אויף איר קאָפּ פון וואַסער,
הויבט דעם שטערן פון די כוואַליעס,
און זי נעמט זיך צו דער אַרבעט,
פאַנגט ערשט איצטער אָן צו שאַפן
אויף דעם רוקן פון די ימים,
אויף די בלויע וואַסער־שטרעקעס;
וואו זי טוט איר אָרעם הויבן —
דאָרטן וואַקסן גלייך אויס בערגלעך,
וואו זי טוט איר פוס נאָר שטעלן —
ווערן לעכער פאַר די פישן,
וואו זי טוקט זיך נאָר אַרונטער —
דאָרטן שפּרייטן זיך די טיפן,
וואו זי ציט זיך אויף אַ זייט אויס —
הויבן זיך דאָרט פלאַכע ברעגן,
שטרעקט איר פוס זי צו יבשה —
ווערן גריבער פאַר די לאַקס־פיש,
ווענדט איר קאָפּ זי צו יבשה —
ווערן דאָרטן ברייטע בוכטן,
שווימט זי אָפּ פון ברעג אַביסל,
רוט אַ ווײַלע אויף איר רוקן —
ווערן ריפן דאָרט פאַרבאָרגן,
וואו עס גייען אונטער שיפן
און מיט זיי אַזוי פיל מענטשן.

שוין באַשאַפן זייַנען אינדזלען,
אין דעם ים באַפעסטיקט פעלזן,
פעסטגעשטעלט די הימל־זײַלן,
שוין באַשאַפן פעלדער, וועלדער,

און קאַלירנדיקע שטיינער,
וואָס זיי פינקלען אין דעם זונשיין.
נאָר דער זינגער וואינאַמאָינען
איז געווען נאָך ניט געבאָרן.

וואינאַמאָינען, העלד און זינגער,
ליגט אין בויך נאָך פון זיין מוטער
דרייסיק זומערן כסדר,
ליגט אַף ווינטערן אויך דרייסיק
אַף די שטילע וואַסער שטרעקעס,
אַף די ווייכע ימים־כוואַליעס,
טראַכט און קלערט און זוכט זיך עצות,
ווי צו לעבן און גדייען
אין דער ענגשאַפט, אין דער פינסטער,
וואו ער קען קיין זונליכט זען,
קיין לבנה־שיין ניט מערקן.

הויבט ער אָן אַזוי צו ריידן,
און ער לאָזט אַזוי זיך הערן:
„פיר ארויס מיך, אָ לבנה,
פיר מיך, זון, איך בעט דיך איצטער,
פיר ארויס מיך, בער פון הימל,
דורך די טויערן די פרעמדע,
פון מיין קליינער ענגער וואוינונג,
פון מיין חשכ׳דיקער תפיסה,
איך זאָל קענען פריי ארומגיין
אַף דער ערד און אַף די אינדזלען,
אָוונט־צייט לבנה זען,
און ביי־טאָג די זון באַטראַכטן,
אַף דעם בער אין הימל קוקן.״

נאָר די זון וויל אים ניט העלפן,
און לבנה ניט באַפרייען,
און דער בער קיין הילף ניט געבן,
און זיין לעבן איז צו לאַסט אים.

און פאַראומערט איז ער שטענדיק,
ברעכט ער אויף די שמאָלע טירן
פון זיין חשכ׳דיקער תפיסה
מיט זיין פינגער מיט דעם פערטן;
אַף די שפּיצן פינגער זיינע
פון די ענטלעך און די פיסלעך
שפּאַרט ער דורך זיך דורך דעם טויער,
שטעלט אוועק זיך אַף די קניעס,
טאַנצט אריין אין טיפן וואַסער,
שפּרינגט ארום אַף אַלע זייטן,
שווימט קיין דרום און קיין צפון,
שווימט קיין מזרח און קיין מערב,
און באַקוקט זיין נייע סביבה.

אָט אַזוי איז ער געקומען,
איז דער העלד אריין אין וואַסער,
אַ יאָר פינף האָט ער גערוט דאָרט,
פולע זעקס און אפשר זיבן,
און אין האַרבסט פון אַכטן יאָר ערשט,
לאָזט ער זיך ארויס פון וואַסער,
לאָזט זיך צו די הויכע ברעגן;
מיט זיין רעכטן פוס אַ־פריער
הויבט ער אויף זיך פון דעם וואַסער,
קריכט ארויף אַף דער יבשה,
שטעלט זיך אויף כדי צו זען
די לבנה אַלע אָוונט,
און ביי טאָג די זון באַטראַכטן,
און דעם בער, און אַלע שטערן.

אָט אַזוי איז וואינאַמאָינען,
אונזער גרויסער העלד און זינגער,
וואָס געבוירן צו זיין מוטער,
צו דער שיינער עטער־טאָכטער,
אַף דער וועלט צו אונז געקומען.

# צווייטע רונע

## וואינאמאָינען זייעט

וואינאמאָינען לעבט אף אַ פוסטן וויסטן אינדזל. סאַמפּסאַ פעלערוואָינען פלאַנצט פאַר אים אַלערליי בוימער. אַלע וואַקסן, נאָר דער דעמב לאָזט ניט קיין וואָרצלען. קומען פיר מיידלעך אַרויס פון ים און שניידן אָפּ דאָס גאַנצע גראָז פון לאַנד און שאַרן דאָס צונויף. נאָכדעם קומט טורסאַס, העלד פון ים, און פאַרברענט דאָס גראָז. אין דעם אַש פאַלט אַריין פון דעמב אַ ניסל און עס הויבט אָן שפּראָצן אַ דעמב. ער צעוואַקסט זיך אַזוי, אַז זיינע צווייגן האַלטן אָפּ די וואָלקנס, פאַרדעקן די לבנה און לאָזן די זון מער ניט שיינען. קומט אַ מענטשעלע אַרויס פון וואַסער, קוים אַ שפּאַן די הויך, און האַקט אַרונטער מיט דריי קלעפּ דעם ריזן בוים. אַלץ וואַקסט און בליט, נאָר קיין גערשטן טוט ניט וואַקסן. וואינאמאָינען געפינט עטלעכע גערשטן־קערנער, האַקט אויס אַלע בוימער, לאָזט איבער בלויז די בערעזע, אַז די פייגל זאָלן רוען. קומט דער אָדלער און שלאָגט אויס פייער און פאַרברענט אַלע בוימער. וואינאמאָינען פאַרזייט די גערשטן־קערנער און בעט ביי אוקקאָ׳ן צו שיקן רעגן. אוקקאָ שיקט אים רעגן.



וט א הויב זיך וואינאמאַינען
און ער שטעלט די פיס אנידער
אַף דעם פוסטן וויסטן אינדזל,
צווישן ברויזנדיקע כוואליעס.

יאָרן לאנגע לעבט ער דאָרטן
אָן א ביימל, אָן א גרעזל,
איינזאם און פארלאָזן לעבט ער
אַף דער פוסטער וויסטער שטרעקע.

הויבט ער אָן צו טראכטן־קלערן,
אין זיין קאָפּ אלץ איבערוועגן:
ווער קאָן אים דאָס לאנד פארזייען?
ווער וועט אים די קערנער שפּרייטן?

פלוצלינג קומט אָן פעלערוואַינען,
ברויזל סאמפּסא, זון פון פעלדער,
קומט דאָס לאנד אים צו פארזייען,
קומט די זוימען פאר אים שפּרייטן.

פלייסיק הויבט ער אָן צו זייען,
און ער שפּרייט אַף לאנד די זוימען,
שפּרייט די קערנער אַף די זומפּן,
אַף די שטיינערדיקע פלאכן,
און אַף באָדן ווייך און זאמדיק;
אַף די בערג פארפלאנצט ער טאנען,
און אַף בערגלעד זייעט ער סאָסנעס,

טיפע גראָזן — אַף די זאמדן,
קליינע ביימעלעד — אין טאָלן,
און בערעזעס פאַזע ברעגן,
און אַף נאסן באָדן — לינדן,
ראבינעס אַף הייליקע ערטער,
פייגל־וויינשל צווישן שטיינער,
און ביים ראנד פון טייכן — דעמבעס.

און עס שטרעקן זיך די בוימער,
פריידיק וואקסן זיי אלץ העכער,
טאנען הויבן זיך און בליען,
סאָסנעס שפּרייטן גרינע צווייגן,
און עס וויגן זיך בערעזעס
אַף די ברעגן פאַזע טייכן,
און אַף נאסן באָדן לינדן,
און אַף אלע זומפּן — ווערבעס,
ראבינעס אַף הייליקע ערטער,
פייגל־וויינשל — צווישן שטיינער,
שיינע יאגעדעס — אַף בושן,
פרוכטן גלאנצן אַף די ביימער.

גייט דער אלטער וואינאמאַינען,
גייט ארויס אזוי באקוקן,
סאמפּסא׳ס ארבעט צו באטראכטן,
וואלד און פעלד ארומצוקוקן;
זעט ער ווי די ביימער וואקסן,
זעט זיי אלע פריילעד שפּראָצן.
בלויז דער דעמב וויל נאָך ניט וואקסן,
נאָר גאָט׳ס ביימל בלייבט אָן ווארצלען.

ווענדט ער אָפּ זיך פון דעם ביימל,
לאָזט אַף גאָט׳ס באראָט עס איבער,
און ער ווארט דריי נעכט כסדר,
און ער ווארט אויך טעג דריי גאנצע,
און ביים סאמע ענד פון וואָך ערשט
גייט ער ווידער עס באקוקן.

נאָר גאָט׳ס ביימל וויל ניט וואקסן,
וויל נאָך אלץ קיין וואָרצלען לאָזן.

קומען אָן פיר שיינע מיידלעך,
פון דעם ים פינף וואסער־כלות,
און זיי נעמען היי זיך קאָסען,
טויאיק־פייכטע גראָזן שניידן,
אַף די פרישע ווייכע פעלדער,
אַף דעם וואלד־באדעקטן אינדזל,
און זיי שארן עס צוזאמען,
שארן קאָפּיצעס צוזאמען.

פלוצלינג קומט פון ים אָן טורסאס,
קומט דער העלד אָן פון די כוואליעס,
און ער דריקט דאָס היי צוזאמען,
ביז עס צינדט זיך אָן אין פלאמען,
ווערט פארברענט אַף אש אינגאנצן
און עס בלייבט קיין פונק ניט איבער.

און אין אש דער גרויסער קופּע,
אין דער טרוקעניש פון שטויבן,
פאלט אריין א צארטינק בלעטל,
פאלט אריין פון דעמב א ניסל,
שפּראָצט א פלאנץ ארויס פון ניסל,
און זי שטייגט מיט פולער פרישקייט
פונקט ווי פּאַזעמקעס פון באָדן,
און אַף אלע זייטן צווייגן.

און עס הויבן זיך די צווייגן
מיט געדיכטע גרינע בלעטער,
און עס גרייכט די קרוין צום הימל.
ווייט פארשפּרייטן זיך די צווייגן,
האלטן אָפּ אין לויף די וואָלקנס,
און פארהאלטן די לבנה,
לאָזן ניט די זון מער שיינען,
די לבנה — מער ניט לויכטן.

הויבט דער זינגער וואינאמאָינען,
הויבט ער אָן צו טראכטן־קלערן:
„אי, ווער ווארפט דעם בוים ארונטער,
און ווער קען דעם ריז צעהאקן!
ביטער לעבן מענטשן איצטער!
פיש אין ים איז שלעכט צו שווימען,
ווייל די זון טוט זיי ניט שיינען,
ווייל עס לייכט ניט די לבנה.“

נאָר קיין העלד איז ניט געקומען!
ניט געווען איז גאָר קיין גיבור
אזא דעמב ארונטערוואַרפן,
הונדערט שפּיצן אָפּצוהאקן.

זאָגט דער אלטער וואינאמאָינען
און ער הויבט אזוי אָן ריידן:
„קאווע! האָסט מיך אויסגעטראָגן,
האָסט אליין געשענקט מיר לעבן,
שיק דיין הילף צו מיר אצינדערט,
פון דעם וואסער שיק מיר מאכטן,
(וואסער האָט אפולע מאכטן)
איינצוואווארפן אָט־די דעמבע
און ארויסרייסן איר בייזקייט,
אַז די זון זאָל ווידער שיינען,
די לבנה ווייטער לייכטן.“

קומט א מענטש ארויס פון וואסער,
הויבט א העלד זיך פון די כוואליעס,
ניט דער גרעסטער פון די גרויסע,
ניט דער קלענצטער פון די קליינע,
פונקט די גרעב פון גראָבן פינגער,
און די הויך — א שפּאַן אינגאנצן;
אַף דעם קאָפּ — א קופּער היטל,
אַף די פיס — פון קופּער שטיוול,
און פון קופּער טראָגט ער הענטשקעס,
און א לאַיבעלע פון קופּער,

און א גארטעלע פון קופער,
און א העקעלע — הוילע קופער
אפן גארטעלע פארטשעפעט,
מיט א הענטעלע ווי א פינגער,
און א שארף — די גרויס פון נאגל.

קוקט דער אלטער וואינאמאינען,
קוקט און טראכט אזוי זיך איבער:
„ס'האט דעם אויסזען פון א מענטשן,
צו א העלד אינגאנצן ענלעך —
דאך ניט גרעסער פון א פינגער,
פון א הירשן־קלא ניט העכער.״

הויבט דער אלטער וואינאמאינען,
הויבט צו אים אזוי אן ריידן:
„זאג ווער ביסטו, קליינטשיק מענטשל?
זאג דיין אפשטאם, העלד אף קלאגן!
קראנקע זיינען פון דיר שטארקער,
מתים האבן שוין מער כוח.״

רופט זיך אן דאס וואסער מענטשל,
העלד פון ים גיט אים זיין ענטפער:
„כ'בין א מענטש, ווי אלע מענטשן,
און איך שטאם פון וואסער העלדן,
כ'קום דעם ריזן־בוים צעהאקן,
און אף שפענדלעך אים צעשפאלטן.״

און דער אלטער וואינאמאינען
הויבט צו אים אזוי אן ריידן:
„ניט פאר דיר און דיינע כוחות
אזא בוים אראפצואווארפן,
וועסט אים קיינמאל ניט צעהאקן,
אים אף שפענדלעך ניט צעשפאלטן.״

ער האט קוים פארענדיקט ריידן,
בלויז דעם בליק צו אים געווענדעט,
ווי דאס מענטשל בייט זיך איבער,
און עס וואקסט א ריז אויס פלוצים,
שלעפט ער אום די פיס פון אונטן
און דער קאפ פארהאלט די וואלקנס,
ביז די קני די באַרד געקרייזלט,
און די האר אזש ביז די פיאטעס,
יעדעס אויג די גרויס א קלאפטער,
הויזן —ברייט א קלאפטער אונטן,
ביי די קניעס היפשלעך ברייטער,
און צוויי קלאפטער ביי די היפטן.

און ער נעמט זיין האק צו שארפן,
הויבט אף שנעל זי אן צו שלייפן,
און ער נוצט אויס דריי פאר קרעמניעס,
אפשר זיבן שארפשטיין־שטיקער.

נאכדעם הויבט ער אן צו שפאנען,
און צעלאזט די פיס מיט אימפעט,
און די ברייטע הויזן זיינע
פלאטערן פון ווינט און רוישן.
מיטן ערשטן שפאן דערגרייכט ער
ביז צום זאמדיק־ווייכן באדן,
מיטן צווייטן — קומט ער נאענט
צו די שווארצע פעטע פלאכן,
און צולעצט שוין, מיטן דריטן —
ביז די סאמע דעמבע־ווארצלען.

און ער הויבט דעם בוים אן האקן,
מיט זיין שארפער האק צו שניידן,
טוט א האק אים איינמאל, צוויי מאל,
און ביים דריטן האק, דעם לעצטן,
פליען פונקען אזש פון אייזן,
און עס זעצט פון בוים א פייער,
און ער הויבט שוין אן צו טריעסטשען,
אט־א קערט ער זיך שוין איבער.

2טע
רונע

און ביים דריטן קלאַפּ שוין טאַקע
איז דער בוים גלייך אומגעפאַלן,
א צעבראָכענער געלעגן,
מיט די הונדערט שפּיצן זיינע,
און ער לייגט דעם שטאַם צו מזרח,
וואַרפט קיין מערב־צו די שפּיצן,
און אַף דרום — זיינע בלעטער,
און אַף צפון — אלע צווייגן.

האָט א צווייג דאָרט ווער גענומען,
דער איז גליקלעך שוין פאַרבליבן,
און פון שפּיץ דאָס מינדסטע צווייגל
האָט מיט כישוף־קראַפט באַשאַנקען,
און אָן איינפאַד גרינע בלעטל
האָט געגעבן גליק און ליבע.
אלץ וואָס דאָרט איז נאָר פאַרבליבן —
צווייגן, שטיקער האָלץ און שפּענער,
און פון בוים א־פולע בלעטער —
האָט זיך אַפן ים געטראָגן,
אַף די בלויע וואַסער־פלאַכן,
פון דעם ווינט זיך דאָרט געהוידעט,
און געוויגט זיך אַף די כוואַליעס,
פּונקט ווי שיפן אַף די ימים,
אַף די גלאַטע וואַסער־שפּיגלען.

טרייבט א ווינט זיי ווייט קיין צפון,
וואו פּאָכיאַלאַ׳ס יונגע טאָכטער
האָט איר שיינע שאַל געוואַשן,
אירע קליידער אויסגעשווענקט,
און געפּראַטשעט זיי אַף שטיינער
פון דעם גרויסן לאַנד־צונג דאָרטן.

פלוצלינג זעט זי שפּענער שווימען,
נעמט זי אין איר הויט זיי לייגן,
אין איר קאַשיקל באַהאַלטן,
און זי נעמט א היים זיי טראָגן,
אַף געווער פאַר כישופמאַכער,
אַף צו מאַכן צויבער־פיילן.

ווי מען האָט דעם בוים צעבראָכן,
אָט־דעם שטאָלצן דעמב געבויגן,
האָט די זון צעשיינט זיך פריילעך,
די לבנה — העל געלויכטן,
וואָלקנס האָבן זיך געצויגן,
אויסגעוועלבט דעם רעגנבויגן
אַף דעם אינדזל פול מיט נעפל,
אַף די וואַלד־באַדעקטע ברעגן.

ווידער הויבט די ערד אָן גרינען,
און עס וואַקסן פריי די וועלדער,
ביימער בליען, גראָזן שפּראָצן,
פייגל פלאַטערן און פליען,
לוסטיק זינגען דאָרטן דראָסן,
און דער קוקוק לאָזט זיך הערן,
און די ערד באַדעקן קרייטער,
בלומען גאָלדענע — די פעלדער,
הונדערט סאָרטן גרעזער שפּראָצן,
אפשר טויזנט סאָרטן קרייטער,
נאָר דער גערשטן וויל ניט וואַקסן,
נאָר די תבואה — ניט געראָטן.

גייט דער אלטער וואַינאַמאָינען,
גייט ארום אזא פאַרטראַכטער
אַפן ברעג פון ים דעם בלויען,
ביי די וואַסערן די שטאַרקע,
און געפינט זעקס תבואה־קערנער,
זיבן שיינע תבואה־זוימען,
אַפן ברעג פון ים דעם בלויען,
אין די זאַמדן צווישן שטיינער,
און באַהאַלט זיי גלייך אין בייטל
פון א געלבער האָזן־לאַפּקע;
און ער גייט דאָס לאַנד פאַרזייען,

אַף דער ערד די קערנער שפּרייטן,
ביי קאלעוואַ׳ס קוואַל זיי וואַרפן,
ביי דעם ראַנד פון אָסמאָ׳ס פעלדער.

זינגט פון בוים אַראָפּ אַ פויגל:
"אָסמאָ׳ס גערשטן וועט ניט אויפגיין,
קאַלעוואַ׳ס האָבער וועט ניט וואַקסן —
ניט פאַרגרייט די פעלדער דאָרטן,
נאָך ניט אויסגעהאַקט די וועלדער,
נאָך ניט אויסגעברענט צום זייען."

נעמט דער אַלטער וואַינאַמאָינען,
נעמט זיך גלייך זיין האַק צו שאַרפן,
און הויבט אָן דעם וואַלד צו האַקן,
צו פאַרגרייטן דאָרט די פעלדער,
און ער האַקט אויס אַלע ביימער,
לאָזט נאָר איבער איין בערעזע:
זאָלן פייגל קאָנען רוען,
זאָל דער קוקוק דאָרטן זינגען.

קומט אַן אָדלער אָן צופליען,
לאָזט אַראָפּ זיך פון דער לופטן
די בערעזע אָנצוקוקן:
"וואָס איז דאָס פאַר האַלבע אַרבעט?
וואָס האָט מען דעם בוים געלאָזן,
דעם בערעזע־בוים דעם שיינעם?"

ענטפערט גלייך אים וואַינאַמאָינען:
"כ׳האָב געלאָזן די בערעזע,
אַז די פייגל זאָלן רוען,
זיך אַן אָפּרו־פּלאַץ געפינען."

זאָגט דער פויגל פון די הויכן:
"האָסט געטאָן אַ גרויסע חכמה
די בערעזע דאָ צו שוינען,
אָט־דעם שלאַנקען בוים צו לאָזן,
וועלן פייגל זיך דאָ זעצן,
איך אַליין וועל קענען רוען."

און דער אָדלער שלאָגט אויס פייער,
און עס ברויזן אויף די פלאַמען,
און אַ שטורעם קומט פון צפון,
און אַ צווייטער יאָגט פון מזרח,
און עס ברענען אַלע ביימער,
ביז סע בלייבט קיין פונק ניט איבער.

נעמט דער אַלטער וואַינאַמאָינען
אין דער האַנט די תבואה־זוימען,
זיבן גאָלדענע גערשטן־קערנער,
נעמט אַרויס זיי פון זיין בייטל,
פון דעם זעקעלע פון לעדער,
פון דער געלבער האָזן־לאַפּקע,
און ער הויבט דאָס לאַנד אָן זייען,
און ער זאָגט אַזוינע ווערטער:
"אָט־די זוימען זיי איך איצטער
דורך די שפּאַלטן פון גאָט׳ס פינגער,
מיט דער האַנט פון דעם באַשעפער,
אַז די ערד זאָל פרוכטבאַר ווערן,
אַז די תבואות זאָלן וואַקסן.

"דו, באַשיצערין פון פעלדער!
פון דער ערד, אָ, מוטער אַלטע!
פיר אַרויס די צאַרטע פלאַנצן!
זאָל די ערד זיי טרייבן, נערן,
קיינמאָל וועט דער ערד קיין כח,
קיינמאָל וועט קיין קראַפט איר פעלן,
אויב די שיינע שאַפונגס־טעכטער
וועלן זי מיט קראַפט באַשענקען.

"ערד, ערוואַך פון שלאָף אַצינדערט,
הויב זיך אויף איצט פון דיין דרימל,
טרייב אַרויס די ערשטע בלעטלעך,

מאַך די שטענגעלעך צו וואַקסן,
זאָלן אויפגיין טויזנט זאַנגען,
הונדערט צווייגעלעך זאָל וואַקסן
דורך מײַן אַקערן און זייען,
דורך מײַן מי און שווערער אַרבעט.

„אוקאָ, טאַטע און באַשעפער!
אוקאָ, טרעגער פון די הימלען!
דו באַהערשסט אַליין די וואָלקנס
און די וואָלקנדלעך די קליינע,
ריכט זיי אַלע אויס אין הימל,
שיק מיר צו אַ מזרח־וואָלקן,
און פון צפון טרייב אַ וואָלקן,
און פון מערב רוף די וואָלקנס,
ברענג זיי אַלע מיר פון דרום,
שיק אַ רעגן מיר פון הימל,
זאָלן וואָלקנס טריפן האָניק,
אַז די זאַנגען זאָלן וואַקסן,
אַז די תבואות זאָלן רוישן.״

נעמט ער, אוקאָ, דער באַשעפער,
נעמט דער טרעגער פון די הימלען,
און ער עצה׳ט אויס די וואָלקנס,
ריכט זיי אַלע אויס אין הימל,
און ער שיקט אַ מזרח־וואָלקן,
און פון מערב רופט ער וואָלקנס,
טרייבט פון צפון אים די וואָלקנס,
ברענגט אַ פּאָר נאָך צו פון דרום,
קלאַפּט די ברעגן זיי צוזאַמען,
און מיט דונערן און בליצן
שיקט ער גלײַך אַראָפּ אַ רעגן,
און עס טריפט פון הימל האָניק
אויף דעם פריש־פאַרזייעטן באָדן,
אויף די שפּראָצנדיקע זוימען.
און עס הייבן זיך די שטענגלעך,
זאַנגען וואַקסן הויכע, פולע,
און זיי כוואַליען זיך און וויגן
אויף דעם פרישן ווייכן באָדן,
דורך דער מי פון וואַינאַמאָינען.

נאָכדעם גייט צוויי טעג אַריבער,
און דריי נעכט פאַרשווינדן שפּעטער,
עס פאַרלויפט אַ וואָך אַ גאַנצע,
און דער אַלטער וואַינאַמאָינען
לאָזט אַוועק זיך אויף די פעלדער
זײַנע זוימען אָנצוקוקן,
און זײַן גאַנצע מי באַטראַכטן.
זעט ער ווי עס וואַקסט דער גערשטן
מיט זעקסקאַנטנדיקע זאַנגען,
מיט דריי גלידער אויף אַ שטענגל.

ווי דער אַלטער וואַינאַמאָינען
קוקט אַזוי זיך אויף די פעלדער,
קומט דער קוקוק אָן צופליען
און דערזעט גלײַך די ברעזע:
„וואָס האָט מען דעם בוים געלאָזן?
די ברעזע ניט פאַרשניטן?״

ענטפערט גלײַך אים וואַינאַמאָינען:
„כ׳האָב דעם בוים דאַרויף געלאָזן,
די ברעזע ניט פאַרשניטן,
דו זאָלסט האָבן וואו צו זינגען.
זינג־זשע, שיינער קוקוק־פויגל,
הויב פון פולער ברוסט אָן זינגען,
מיט דײַן זילבער־שטים צו קלינגען,
זאָל דײַן ליד זיך ווייט צעשפּרייטן,
אינדערפרי זינג און אין אָוונט,
אויך צו מיט־טאָג זאָלסטו זינגען,
זאָל דאָס פעלד זיך שטענדיק פרייען,
און די וועלדער שענער וואַקסן,
און די ברעגן פרוכטבאַר ווערן,
זאָט זאָל זײַן די גאַנצע געגנט.״

# דריטע רונע

## וואינאמאָינען און יאָוקאהיינען

וואינאמאינען זינגט און פאַרטיפט זיך אין אין חכמה; יאַקאהיינען וויל זיך מיט אים פאַרמעסטן אין געזאַנג און אין חכמה; ער קאָן אים אָבער ניט באַזיגן אין לידער, און רופט אים אַרויס אף אַ געפעכט. דאָ ווערט שוין וואי־נאמאָינען אין כעס און מיט ליד און שפרוך פאַרזינקט ער אים אין אַ זומפּ ביזן האַלדז; יאָוקאהיינען ווערט פאַרצווייפלט און זאָגט אים צו אויסלייז־געלט — זיין יונגע שוועסטער פאַר אַ ווייב. וואינאמאָינען איז מסכים און באַ־פרייט אים. יאָוקאהיינען קומט צוריק אַ־היים און דערציילט זיין מוטער וועגן אַלץ וואָס מיט אים האָט געטראָפן. די מוטער פרייט זיך, וואָס זי וועט האָבן אַזאַ גרויסן זינגער פאַר אַן איידעם; אָבער די יונגע טאָכטער, א יי נ אָ, וויינט און קלאָגט.



ון דער אלטער וואינאמאינען
האט א צייט געלעבט צופרידן
אף די פעלדער פון וואינאלא,
אף די קאלעוואלא פליינען;
דארט געלעבט זיך און געזונגען
זיינע לידער פול מיט חכמה;
גאנצע טעג האט ער געזונגען,
גאנצע נעכט א־דורכגעזעסן
און באזונגען אלטע דורות,
און באזונגען וועלט־באשאפונג.
ניט קיין קינדער, ניט קיין העלדן
זינגען אט־די לידער איצטער,
אין די טרויערדיקע צייטן,
ביי דעם דור, וואס גייט שוין אונטער.

האט זיך ווייט און ברייט צעטראגן,
און צעקלונגען האבן מענטשן
דאס גרויס וואונדער פון דעם זינגען,
פון דעם ליד פון וואינאמאינען,
און די בייעס גרייכט קיין דרום,
ביז פאכיאלא אזש, אין צפון.

און פון לאפלאנד יאוקאהיינען,
אומדערפארן נאך, א אינגלינג,
איז אמאל צו־גאסט געגאנגען.
הערט ער עפעס מאדנע מעשות,
אז מען קען גאר שענער זינגען,
לידער בעסערע נאך מאכן
אף די פעלדער פון וואינאלא,
אף די קאלעוואלא פליינען,
שענער נאך פון יאוקאהיינען,
פון זיין טאטנס לידער בעסער.

ווערט ער אויפגערעגט פון קנאה,
און צעקאכט פון גרויסן צארן,
וואס דער זינגער וואינאמאינען
שטייגט אין זינגען אים אריבער,
און ער לאזט א־היים זיך האסטיק
צו זיין אלטער קלוגער מוטער,
זאגט, ער וויל איצט גלייך אוועקגיין,
אין דער ווייטער ווייט זיך לאזן,
אין קאלעוואלא׳ס טונקעלע וועלדער,
דארט מיט וואינא׳ן זיך פארמעסטן.

נאר עס לאזט אים ניט זיין טאטע,
און עס ווארנט אים די מאמע
ניט צו גיין איצט קיין וואינאלא,
ניט פארמעסטן זיך מיט וואינא׳ן:
„ער וועט כישוף אף דיר ווארפן,
און ער וועט מיט זיינע לידער
אין דעם שניי דיך טיף באגראבן,
איבערן מויל און קאפ פארזינקען,
וועסט קיין האנט ניט קענען רירן,
און קיין פוס מער ניט באוועגן.״

זאגט דער יונגער יאוקאהיינען:
„גוט אוודאי ווייסט מיין טאטע,
און נאך בעסער ווייסט מיין מאמע,
אבער איך ווייס מער פון ביידן.
צום געוועט וועל איך אים רופן,
און אנטקעגן אים זיך שטעלן,
מיט מיין ליד אים שטארק פארשעמען,
מיט געזאנג אים כישוף אפטאן,
זינגען ביז דער בעסטער זינגער
וועט דער קלענצסטער, ערגסטער ווערן,

כ׳וועל אים שטיינער־שטיוול אָנטאָן,
און זיין לייב מיט האַלץ באַדעקן,
בערג אים לייגן אַף די אַקסלען,
אַפן הארצן — שווערע פעלזן,
אָנטאָן העגטשקעס אים פון שטיינער,
אַפן קאָפּ — פון שטיין א היטל.״

און ער גייט ארויס פארעקשנ׳ט,
און ער נעמט פון שטאָל דעם אָגער,
זעצט פון מויל אים אַזש א פייער,
פונקען פליען פון די קלויען,
און ער טוט אים אָן א צוימל,
און ער שפּאַנט אים איין אין שליטן,
זעצט זיך אויבן־אָן אַנידער,
און ער טוט א שמייס דעם אָגער
מיט דער בייטש באַדעקט מיט פערל,
טוט א ריס דאָס פערד זיך מונטער,
און עס הויבט אָן לייכט צו לויפן.

און ער פאָרט און פאָרט אין שליטן,
פאָרט אָפּ איין טאָג און א צווייטן,
פאָרט דעם דריטן טאָג א גאַנצן;
אַפן דריטן טאָג ערשט קומט ער
צו די פעלדער פון וואַינאַלאַ,
צו די קאַלעוואַלאַ פּליינען.

און דער זינגער וואַינאַמאָינען,
ער, דער אוראַלטער מכשף,
פאָרט זיך דעמאָלט גראָד שפּאַצירן,
פאָרט אַף יענעם וועג אין שליטן
אַף די פעלדער פון וואַינאַלאַ,
אַף די קאַלעוואַלאַ פּליינען.

קומט דער יונגער יאָוקאַהיינען,
קומט אָן שטורעמדיק אַנטקעגן
גלייך אַף וואַינאַמאָינענ׳ס שליטן,
טוט א קראַך פון גרויסן אימפּעט,
און עס ברעכן זיך די דישליעס,
און עס פּלאַצן די כאָמוטעס,
און עס פּלאָנטערן זיך לייצעס,
און עס קראַכן שליטן־שינעס.

בלייבן ביידע שטיין אינמיטן,
בלייבן שטיין פארגאַפט און קוקן,
פון די דישליעס קאַפּעט וואַסער,
פון די שינעס זעצט א פּאַרע.

פרעגט דער אַלטער וואַינאַמאָינען:
״זאָג, ווער ביסטו דאָס אַזעלכער,
וואָס דו פאָרסט אַזוי צעלאָזן,
און דו פאָרסט ארויף אַף מענטשן?
האָסט מיין דישעל מיר צעבראָכן,
מיר א תל געמאַכט פון שליטן,
ביידע שינעס מיר צעשעדיקט,
און צעשפּאָלטן אַלע לייסטן.״

ענטפערט גלייך אים יאָוקאַהיינען,
און הויבט אָן אַזוי צו ריידן:
״כ׳בין דער יונגער יאָוקאַהיינען.
אָבער זאָג מיר נאָר, איך בעט דיך:
דו אַליין, פון וואַנען שטאַמסטו?
פון א־וואָסער יחוס קומסטו?״

און דער אַלטער וואַינאַמאָינען
זאָגט א־פריער אים זיין נאָמען,
און דערנאָכדעם רעדט ער ווייטער:
״הייסט עס — דו ביסט יאָוקאַהיינען!
אויב אַזוי טרעט אָפּ דעם וועג מיר:
דו ביסט דאָך אין יאָרן אינגער!״

ענטפערט יונגער יאָוקאַהיינען.
און הויבט אָן אַזוי צו ריידן:

„וואס מיר אינגער, ווער מיר עלטער!
ווענמען גייען אן דא יארן!
ווער עס שטייט אין וויסן העכער,
ווער עס האט אין זיך מער חכמה —
דער וועט איצט דעם וועג פארנעמען,
און דער צווייטער וועט אים לאזן.
הייסט עס — דו ביסט וואינאמאינען,
אט־דער אוראלטער מכשף!
לאמיר צום געוועט זיך גרייטן,
לאמיר זינגען אונזערע לידער,
איינער זאל דעם צווייטן הערן,
און אין שטרייט אים איבערשטייגן."

זאגט דער אלטער וואינאמאינען:
„וואס פארמאג איך דען אין חכמה?
וואס קאן איך מיט זינגען אויפטאן,
אז איך האב דאס גאנצע לעבן
אפגעלעבט אזוי דא איינזאם
נעבן ברייטע, וויסטע פעלדער,
ביי די ראנדן פון מיין גארטן,
בלויז געהערט דעם קוקוק זינגען?
אבער ס'איז ניטא פון וואס צו ריידן.
בעסער זאג מיר נאר, איך בעט דיך:
וואס ווייסטו דען מער פון יעדן,
און מיט וואס שטייסטו דאס העכער?"

זאגט דער יונגער יאוקאהיינען:
„גאר א־פולע זאכן ווייס איך.
איין זאך ווייס איך אבער זיכער:
אינם דאך איז דא א קוימען,
און דאס פייער איז אין אויוון.

„פריילעך לעבט דער ים־הונט שטענדיק,
און דאס ים־קאלב — אין די כוואליעס,
און ארום זיך כאפט עס שלייען,
און עס שלינגט די אקוד־פישלעך.

„פלאכן גרונט האט ליב דעם ים־הונט,
און דאס ים־קאלב — גלייכע פלעצער.
רויגן לייגן העכט אום ווינטער,
און אין שטורעמדיקע ווינטן,
נאר דער הויקער־אקון שרעקט זיך,
לאזט אין הארבסט זיך צו די טיפן,
און דעם רויג ווארפט ער אום זומער,
און פארטויבט מיט פלעסק די ברעגן.

„איז פאר דיר דאס ניט גענוג נאך,
ווייס איך נאך א־פולע זאכן,
קאן איך וואס דיר נאך דערציילן:
נארדלאנד אקערט בלויז מיט הירשן,
און אין דרום נוצט מען שקאפעס,
און אין ווייטן לאפלאנד — ביקעס.

„כ'קען א־יעדן בוים אף פיסא,
און אף הארנא — אלע סאסנעס,
הויכע ביימער וואקסן דארטן,
שלאנקע סאסנעס — אלע ריזן.

„ס'איז פאראן דריי וואסערפאלן,
און אויך אזערעס אזוי פיל,
און ס'איז דא אויך בערג דריי הויכע
אונטער דעם געוועלב פון הימל:
האלעפיאר ביי די העמען,
קאטראקאסקי אין קאריאלא,
וואוקסן קען מען ניט באזיגן,
און אימאטרא — איבערשטייגן."

זאגט דער אלטער וואינאמאינען,
און ער הויבט אזוי אן ריידן:
„אט־די חכמה פאסט פאר קינדער,
און דאס ריידן — בלויז פאר ווייבער,
ניט פאר קיין באוויבטע מענער,
פאר קיין העלד מיט בארד באוואקסן,

זאָג פון זאכן מיר דעם אָנהויב,
זאָג מיר עפּעס טיפע חכמות.״

הויבט דער יונגער יאָוקאהיינען,
הויבט אף ס׳ניי צו אים אָן ריידן:
״וואויל ווייס איך דער מייזע׳ס יחוס,
כ׳ווייס איר אָפּשטאַם איז פון פייגל,
און פון שלענג שטאַמט אָפּ דער עקדעש,
און דער קוילבארס איז א פישל,
און איך ווייס, אז הארט איז אייזן,
און די שווארצע ערד איז זויער,
זודיק וואסער טוט ווײ שטענדיק,
און דאָס פייער איז געפערלעך.

״וואסער איז די עלטסטע רפואה,
שוים פאר כישוף איז א מיטל,
גאָט — דער עלטסטער כישופמאכער,
צווישן היילער — גאָר דער ערשטער.

״וואסער איז אף בערג אנטשטאנען,
פייער קומט צו אונז פון הימל,
און פון זשאווער קומט דאָס אייזן,
קופּער וואקסט אין הארטע שטיינער.

״זומפּיק לאנד איז גאָר דאָס עלטסטע,
ערשטע ביימער זיינען ווערבעס,
און פון סאָסנעס — ערשטע הייזער,
און פון שטיין די ערשטע טעפּלעך.״

און דער אלטער וואינאמאינען
הערט אים אויס און הויבט אָן ריידן:
״אפשר ווילסטו נאָך וואָס זאָגן,
צי דיין פּלאפּלען איז געענדיקט?״

ענטפערט יונגער יאָוקאהיינען:
״יאָ, איך ווייס אביסל מערער.
איך דערמאָן זיך יענע צייטן,
ווען איך האָב דעם ים געאַקערט,
אויסגעהיילט דאָרט אלע טיפן,
און פאר פיש געמאכט די היילן,
תהום׳ען אויסגעשפּרייט אין ימים,
אלע אָזערעס באשאפן,
און די בערג אף ערד צעוואָרפן,
אָנגעוואָרפן אלע פעלזן.

״כ׳בין דער זעקסטער העלד געוועזן,
ווי דער זיבעטער פארעכנט,
ווען איך האָב די ערד באשאפן,
פעסטגעשטעלט פון לופט די זיילן,
אויסגעוועלבט דעם גאנצן הימל,
אויסגעריכט אין וועג לבנה,
זון אוועקגעשטעלט אין הימל,
און צעוואָרפן אלע שטערן.״

און דער אלטער וואינאמאינען
הויבט צו אים אזוי אָן ריידן:
״אי, ביסטו א גרויסער ליגנער!
דו ביסט קיינמאָל ניט געוועזן,
ווען מען האָט דעם ים געאַקערט,
אויסגעגראָבן דאָרטן טיפן,
און פאר פיש געמאכט די היילן,
תהום׳ען אויסגעשפּרייט אין ימים,
אלע אָזערעס באשאפן,
און די בערג ארויסגעהויבן,
אָנגעוואָרפן הויכע פעלזן.

״דיך האָט קיינער ניט געזעען,
ניט געהערט און ניט געזעען,
ווען מען האָט די ערד באשאפן,
פעסטגעשטעלט פון לופט די זיילן,
אויסגעוועלבט דעם גאנצן הימל,
אויסגעריכט אין וועג לבנה,

און דעם בער זיין אָרט געגעבן,
און צעוואָרפן אַלע שטערן."

און דער יונגער יאָוקאהיינען
הויבט צו אים אַזוי אָן ריידן:
"האָב איך מיין פארשטאַנד פארלוירן,
וועל איך אים מיט שווערד געפינען:
נו, דו, אַלטער וואַינאַמאָינען,
האָסט אַ צו גרויס מויל באַקומען!
לאָמיר זיך מיט שווערדן מעסטן,
שווערד זאָל צווישן אונז אַנטשיידן."

ענטפערט גלייך אים וואַינאַמאָינען:
"כ'הויב זיך גאָר ניט אָן צו שרעקן
פאַר דיין וואָפן און דיין חכמה,
דיינע שווערדן און דיין שאַרפזין.
וואָס דו ווילסט איצט מעגסטו קלערן,
נאָר איך וועל מיין שווערד ניט מעסטן
מיט אַ נאַר, אַן עזות פּנים,
מיט אַזאַ מין גרויסן ליגנער."

אויפגעבראַכט ווערט יאָוקאהיינען,
קרימט דאָס מויל אַזש אויס פון צאָרן,
און ער טוט דעם קאָפּ אַ טרייסל,
און הויבט אָן אַזוי צו ריידן:
"ווער עס שרעקט זיך שווערד צו מעסטן,
און מיידט אויס איר שאַרף צו פּרוּוון,
יענעם וועל איך בלויז מיט לידער
אין אַ שוויין דאָ איצט פאַרוואַנדלען,
כ'קען אים אומעטום פאַרטרייבן,
אין אַ קופּע מיסט פאַרשטעקן,
ערגעץ אין אַ שטאַל פאַרשפּאַרן."

ווערט אין כעס שוין וואַינאַמאָינען,
און עס ברויזט אין אים דער צאָרן,
און ער הויבט אַליין אָן זינגען,
און ער הויבט אַליין אָן ריידן,
ניט קיין קינדערישע לידער,
ניט קיין ווייבערישע חכמות,
נאָר די שיינע העלדן־לידער,
וואָס קיין קינד קען איצט ניט זינגען,
און אַ אינגלינג זינגט ביז העלפט נאָר,
און אַ חתן — בלויז אַ דריטל.
צייטן זיינען איצטער שלעכטע,
שלעכטע טרויעריקע יאָרן,
ס'גאַנצע לעבן גייט איצט אונטער.

זינגט דער אַלטער וואַינאַמאָינען,
און די לידער זיינע קלינגען,
אַז דער ים ווערט אויפגעשוואָלן,
און די ערד הויבט אָן זיך שאָקלען,
און די קופּער־בערג זיך טרייסלען,
און עס פּלאַצן האַרטע פעלזן,
שטיינער פליען זיך פאַנאַנדער.
און ער זינגט אַלץ מער און מערער,
און אויף יאָוקאהיינענ'ס דישעל
הויבן ביימלעך אָן צו וואַקסן,
אויפן כאָמוט גרינט אַ ווערבע,
פון די לייצעס ווערט אַן אַלכע,
און פון שליטן — דאַרע צווייגן,
און די בייטש באַדעקט מיט פּערל
ווערט אין אַ טשערעט פאַרוואַנדלט,
און דאָס פערד מיטן ווייסן שטערן
בלייבט אַ שטיין ביים שטראָמיק וואַסער,
פון דער שווערד מיטן גאָלדענעם הענטל
ווערט אַ העלער בליץ אין הימל,
פון דעם שיין־געפאַרבטן בויגן —
אויפן ים אַ רעגנבויגן,
און פון זיינע לייכטע פיילן
ווערן שפּאַרבער און זיי פליען,
און דער הונט מיטן פּיסק פאַריסן
ווערט אין זאַמד ווי שטיין פאַרזונקען.

איצט באשפּרעכט ער שוין דאָס היטל,
און עס ווערט דערפון א וואָלקן,
און די הענטשקעס זיינע ווערן
אין דעם ים צוויי וואסער בלומען,
און דער בלויער מאנטל זיינער
ווערט א כמארע אויפן הימל,
פון דעם זילבערדיקן גארטל
ווערן פינקלדיקע שטערן.

און ער זינגט אלץ מער און מערער,
און עס הויבט אָן יאָוקאהיינען
זינקען אין דעם זאמד אלץ טיפער,
ביזן גארטל, ביז די אקסלען.

איצטער ערשט האָט יאָוקאהיינען
אָנגעהויבן צו באגרייפן,
אז ער איז ארויסגעפאָרן,
זיך אין וועג אריין געלאָזן,
אין געזאנג זיך צו פארמעסטן
מיט דעם שטארקן וואינאמאָינען.

וויל ער מיט א פוס א הויב טאָן,
קאָן ער אים פון אָרט ניט רירן;
וויל ער אויפהויבן דעם צווייטן,
איז ער שווערער נאָך פון ערשטן.

און דעם יונגן יאָוקאהיינען
הויבן אנגסטן אָן באשלאָגן,
און א שרעק באפאלט אים פלוצלינג,
און ער הויבט אזוי אָן ריידן:
"גרויסער זינגער, וואינאמאָינען!
אָ, דו אוראלטער מכשף!
טו פון מיר איצט אָפּ דיין כישוף,
נעם אראָפּ פון מיר די שפּרוכן,
און באפריי מיך פון דעם שוידער,
פון דעם וויסטן שווארצן אומגליק.

כ'וועל דערפאר דיר גוט באצאָלן,
וואָס דו ווילסט, וועל איך דיר געבן."

זאָגט דער אלטער וואינאמאָינען:
"וואָס־זשע קענסטו מיר דען געבן,
ווען איך טו איצט אָפּ דעם כישוף,
נעם אראָפּ פון דיר די שפּרוכן,
און באפריי דיך פון דעם שוידער,
פון דעם גרויסן וויסטן אומגליק?"

זאָגט דער יונגער יאָוקאהיינען:
"כ'האָב אין ד'רהיים צוויי גוטע בויגנס,
שטארקע, זעלטן־שיינע בויגנס,
בליץ־שנעל שיסט די פיילן איינער,
שטענדיק זיכער איז דער צווייטער,
נעם א־וועלכן דו אליין ווילסט."

ענטפערט גלייך אים וואינאמאָינען:
"נאָר דו איינער, ווער דארף בויגנס,
און ווער דארף געווער גאָר האָבן?!
כ'האָב אין ד'רהיים אזוי פיל בויגנס!
יעדע וואנט איז שוין באהאנגען,
יעדער טשוואָק איז שוין פארנומען,
בויגנס גייען אָן מיר שיסן,
שיסן חיות אין די וועלדער."
ווייטער זינגט ער. יאָוקאהיינען
קריכט אין זומפּ אריין נאָך טיפער.

זאָגט דער יונגער יאָוקאהיינען:
"כ'האָב אין ד'רהיים צוויי גוטע שיפן,
שנעל פליט איינע, ווי א פויגל,
און די צווייטע פירט משאות,
נעם א־וועלכע דו אליין ווילסט."

ענטפערט גלייך אים וואינאמאָינען:
"ניין, איך וויל ניט דיינע שיפן,

ניט איך וויל זיי, ניט איך דארף זיי,
כ'האָב אין ד'רהיים אזוי פיל שיפן.
פול מיט שיפן אלע ברעגן,
יעדעס שטיקל פלאַץ פארנומען.
נאָכן ווינט נאָך גייען איינע,
און אנטקעגן ווינט — די צווייטע."
ווייטער זינגט ער. יאָוקאהיינען
קריכט אין זומפּ אריין אלץ טיפער.

זאָגט דער יונגער יאָוקאהיינען:
"כ'האָב אין ד'רהיים צוויי גוטע אַגערס,
ווייט צו זוכן פערד אזעלכע,
איינער לויפט ווי פייל פון בויגן,
אין געשפּאַן איז גוט דער צווייטער.
נעם א־וועלכן דו אליין ווילסט."

ענטפערט גלייך אים וואינאמאָינען:
"ניין, איך וויל ניט דיינע אַגערס,
און איך דארף קיין פערד ניט האָבן.
כ'האָב אזוי פיל פערד אין ד'רהיים איצט,
פול מיט זיי שוין אלע שטאלן,
יעדעס שטיקל פלאַץ פארנומען,
און זיי גלאַנצן ווי די שפּיגלען,
און זיי זיינען אלע פעטע."
ווייטער זינגט ער. יאָוקאהיינען
קריכט אין זומפּ אריין אלץ טיפער.

ווידער בעט זיך יאָוקאהיינען:
"גרויסער זינגער, וואינאמאָינען!
אָ, דו אוראלטער מכשף!
טו פון מיר איצט אָפּ דיין כישוף,
נעם אראָפּ פון מיר די שפּרוכן,
כ'וועל א היטל גאָלד דיר געבן,
מיט א ווערד א היטל זילבער,
וואָס מיין טאטע האָט פארנומען
און געבראכט א־היים פון שלאכט־פעלד."

ענטפערט גלייך אים וואינאמאָינען:
"ניין, איך וויל דיין גאָלד ניט נעמען,
און ווער דארף דיין זילבער האָבן!
כ'האָב אזוי פיל גאָלד און זילבער,
גאנצע קופּעס אין מיין קאמער,
גאָלד מיט שיין פון דער לבנה,
זילבער — פול מיט זונענשימער."
ווייטער זינגט ער. יאָוקאהיינען
קריכט אין זומפּ אריין אלץ טיפער.

זאָגט דער יונגער יאָוקאהיינען:
"גרויסער זינגער וואינאמאָינען!
לאָז מיך אָפּ א־היים פון דאנען,
און באפריי מיך פון די צרות.
כ'וועל דיר מיינע תבואות געבן,
געבן אלע מיינע פעלדער,
נאָר פון ענגשפּאַט זיך באפרייען,
בלויז צו ראטעווען דאָס לעבן."

זאָגט דער אלטער וואינאמאָינען:
"ניין, איך וויל ניט דיינע פעלדער,
און איך דארף ניט דיינע תבואות,
כ'האָב אליין אין ד'רהיים א־פולע,
וואלד און לאנד אף אלע זייטן,
פול מיט הויכע סטערטעס תבואה.
מיינע פעלדער, מיינע תבואות
זיינען בעסער מיר געפעלן."

און דער יונגער יאָוקאהיינען
קריכט אין זומפּ אריין אלץ טיפער.
איצטער האָט זיך יאָוקאהיינען
אף אן אמת שוין דערשראָקן:
ביזן מויל אין זומפּ פארזונקען,
מיט דער באָרד ארייַנגעקראָכן,
צו די ליפּן קריכט שוין בלאָטע,
ביימער־ווארצלען — צו די ציינער.

זאָגט דער יונגער יאָוקאַהייַנען:
„גרויסער זינגער, וואַינאַמאָינען!
אָ, דו אוראַלטער מכשף!
טו פון מיר איצט אָפּ דיין כישוף,
גיב צוריק מיר אָפּ מיין לעבן,
גיב מיר אָפּ צוריק מיין פרייהייט,
אַט־אָ ווער איך דאָ פאַרזונקען,
ס'קריכט מיר זאַמד שוין אין די אויגן.
אויב דו מאַכסט צו־נישט די שפּרוכן,
און באַפרייסט מיך פון דיין כישוף,
שענק איך דיר מיין שוועסטער א י נ א,
גיב דיר אָפּ מיין מאַמעס טאָכטער,
דיינע דילן וועט זי קערן,
און דיין בעט וועט זי פאַרבעטן,
שפּינען וועט זי און וועט וועבן,
וועט פון גאָלד דיר דעקעס וועבן,
וועט געקעכצן פאַר דיר קאָכן,
און וועט וואַשן דיינע קליידער."

איצט דערפרייט זיך וואַינאַמאָינען
און זיין פּנים הויבט אָן שיינען,
וואָס ער האָט זיך אָף דער עלטער
אַזאַ שיינע ווייב געקראָגן.

און ער זעצט זיך גלייך אַנידער
אָף דעם שטיין פון פרייד און לידער,
זינגט א שעה אָפּ און א צווייטע,
נאָכדעם זינגט ער נאָך א דריטע,
ביז ער טוט אָפּ אַלע שפּרוכן,
נעמט צוריק זיין גאַנצן כישוף.

און דער יונגער יאָוקאַהייַנען
שלעפּט זיין האַלדז ארויס פון בלאָטע,
פלאָנטערט אויס די באָרד פון דאָרטן,
פירט פון שטיין ארויס זיין אָגער,
שלעפּט פון פעלז ארויס דעם שליטן,
פון טשערעט — זיין בייטש מיט פּערל,
און ער קריכט אריין אין שליטן,
און ער זעצט זיך דאָרט אַנידער,
און צעמישט און שטאַרק פאַרטרויערט,
לאָזט ער האַסטיק זיך פון דאָרטן
צו זיין ליבער מאַמען פאָרן,
צו זיין גרויער אַלטער מאַמען.

און ער פאָרט אַ־היים מיט שטורעם,
האַסטיק פאָרט ער, ווי פון זינען,
און ער קומט אַ־היים צופאָרן,
און פאַרטשעפּעט זיך אָן טויער,
און צעברעכט אָף שטיק זיין שליטן,
און צעפּיצלט די האָלאָבליעס.

בלייבט זיין מוטער שטאַרק דערשראָקן,
און דער פאָטער פרעגט מיט כעס:
„האָסטו דאָס געטאָן אומיסטן?
אָט אַזוי משוגע פאָרט מען?!
האָסט דעם שליטן דאָך צעבראָכן,
און צעפּיצלט די האָלאָבליעס!"

איצטער ערשט האָט יאָוקאַהייַנען
זיך צעוויינט מיט הייסע טרערן;
טיף דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן,
צוקט ער מיט די בלאַסע ליפּן,
און ער הויבט ניט אויף די אויגן.

און די מאַמע זיינע פרעגט אים,
וואָס ער איז אַזוי פאַרטרויערט:
„זונע ליבער, זאָג וואָס ווייַנסטו?
וואָס ביסטו אַזוי פאַרטרויערט,
און די ליפּן דיינע צוקן,
און דו הויבסט ניט אויף די אויגן?"

ענטפערט גלייך איר יאָוקאַהייַנען:
„מאַמע טייערע און ליבע!

ווייסט פארוואס איך בין פארטרויערט ?
ס'האט אן אומגליק מיך באטראפן,
גרויסע צרות מיך דערשלאָגן,
כ'האב גענוג אויף וואס צו וויינען :
וואינאמאָינען האט באזיגט מיך !
כ'וועל דאָס גאנצע לעבן קלאָגן,
כ'האב די שוועסטער מיינע, איינאָ'ן,
און דיין ליבע שיינע טאָכטער
וואינאמאָינענע'ן געגעבן,
פאר א ווייב זי אים געגעבן,
פאר אן אָנשפאר אף דער עלטער,
אז די טריט זאָל זי אים היטן."

נאָר די מוטער הויבט אָן פלעסקען,
הויבט פון פרייד די הענט אָן רייבן,
און זי לאָזט אזוי זיך הערן :
"הער אויף וויינען, קינד מיינס טייערס !
האָסט ניט וואָס צו זאָרגן איצטער,
וואָס צו טרויערן און קלאָגן !
כ'האב געהאָפט דאָס גאנצע לעבן,
אויסגעקוקט זיך מיינע אויגן,
אלע יאָרן זיך געוואונטשן,
אז דער זינגער וואינימאָינען
זאָל מיין טאָכטערס מאן שוין ווערן."

אָבער יאָוקאהיינענ'ס שוועסטער
הויבט אָן זייער שטארק צו וויינען,
וויינט אָפּ איין טאָג און א צווייטן,
זיצט און יאָמערט ביי דעם טויער
און באוויינט איר גרויסן אומגליק,
און באקלאָגט איר טיפן ווייטיק.

רופט זיך אָפּ צו איר די מוטער :
"זאָג וואס וויינסטו, טאָכטער ליבע ?
האָסט א חתן גאָר א וואוילן,
און א פיינעם מאן, א שטארקן,

וועסט דיין צייט פארברענגען זאָרגלאָז,
שטענדיק פריילעך זיין און זינגען."

ענטפערט איר אזוי די טאָכטער :
"מאמע טייערע און ליבע !
אָי, האָב איך אצינדערט זאָרגן !
מיינע צעפּ באוויין איך איצטער,
פון מיין יונגן קאָפּ די קרויזן,
מיינע האָר, די גלאַנציק־ווייכע,
וועל איך מוזן איצט פארדעקן,
אין די יונגע יאָר פארדעקן.

"כ'וועל דאָס גאנצע לעבן וויינען
נאָך דער ליבער זון דער מילדער,
נאָך לבנה'ס זילבער־שטראלן,
נאָך דעם בלוי געוועלב פון הימל,
וואָס איך מוז איצט יונג פארלאָזן,
ווי א מיידל שוין פארגעסן,
נאָך ביים ווערקשטאט פון מיין ברודער,
און ביים פענצטער פון מיין פאָטער."

זאָגט די מוטער צו דער טאָכטער,
זאָגט די אלטע צו דער יונגער :
"נאריש קינד מיינס, הער אויף זאָרגן,
הער שוין אויף צו גיסן טרערן !
האָסט אף גאָר ניט וואס צו וויינען,
און דו דארפסט זיך גאָר ניט זאָרגן,
ווייל די ליבע זון, די מילדע,
שיינט אף ד'רערד נאָך ערגעץ אנדערש,
ניט א־נאָר ביים טאטנס פענצטער,
ביי דעם ווערקשטאט פון דעם ברודער,
אומעטום איז דאָ נאָך יאגדעס,
פאַזעמקעס — אף אלע פעלדער !
אָי, דו מיידל מיינס דו נאריש,
אומעטום קענסטו זיי קלייבן,
ניט א־נאָר אין טאטנס וועלדער,
אף די פעלדער פון דיין ברודער.

# פערטע רונע

## דער גורל פון איינאָ'ן

וואינאמאָינען באַגעגנט איינאָ'ן אין וואַלד און הויבט צו איר אָן ריידן. ער בעט זי צו ווערן זיין ווייב. זי אַנטלויפט אַ־היים, אַ וויינענ־דיקע און דערציילט דער מוטער וועגן איר באַגעגעניש. די מוטער הייסט איר אויפהערן וויינען און זאָגט איר, אַז זי זאָל זיך בעסער אויספוצן אין די שענסטע קליידער. איינאָ וויינט אָבער אַלץ און זאָגט, אַז זי וועט קיינמאָל ניט חתונה האָבן מיט אַזאַ אַלטן מאַן. זי וואַנ־דערט אַוועק אין וואַלד, קומט צו צו אַן אָזערע, שפּרינגט אַריין זיך באָדן און קומט שוין מער ניט אַרויס פון אונטערן וואַסער. איר מוטער באַוויינט זי טאָג און נאַכט.



יינמאל גייט די יונגע איינאָ,
יאָוקאַהייננ׳ס שיינע שוועסטער,
רייסן בעזימלעך אין וועלדל,
בעזימלעך פון ריטלעך גרינע;
רייסט זי איינס אַן פאר איר טאטן,
און דאָס צווייטע — פאר איר מאמען,
און דאָס דריטע מאכט זי נאָכדעם
פאר דעם אינגסטן ברודער אירן.

ווי זי לאָזט זיך שוין צוריק גיין,
ווי זי גייט א־היים פון וועלדל,
קומט אנטקעגן וואינאמאָינען
און דערזעט דאָס שיינע מיידל,
אויסגעפוצט אין שיינע קליידער,
אף די גראָזן צווישן ביימלעך.
זאָגט דער אלטער וואינאמאָינען:
״ניט פאר קיינעם, שיינע מיידל,
טראָג פאר מיר נאר, קינד מיינס טייערס,
אף דיין האלדז דאָס שנירל פערל,
און דאָס צלמ׳ל אף דיין הארצן,
פלעכט פאר מיר די צעפּ די שיינע,
בינד פאר מיר די האָר מיט סטענגעס.״

ענטפערט אים דאָס יונגע מיידל:
״ניט פאר דיר און ניט פאר קיינעם
הענגט דאָס צלמ׳ל אף מיין הארצן,
בינד איך אויס די האָר מיט סטענגעס.
כ׳וויל קיין ווייצן ברויט ניט עסן,
און קיין פרעמדע קליידער טראָגן.
א פּראָסט קליידל איז מיר ליבער,
טרוקן ברויט — א סך געשמאקער
אין דער היים ביים גוטן טאטן,
ביי מיין ליבער, גוטער מאמען.״

און זי רייסט מיט כעס ארונטער
ס׳בלאנקע צלמ׳ל פון הארצן,
און דאָס פינגערל פון פינגער,
ווארפט אראָפּ פון האלדז די פערל,
פון די האָר די רויטע סטענגע,
גיט עס אף דער ערד א שליידער,
צווישן גראָזן, צווישן בלעטער,
און זי לאָזט א־היים זיך לויפן,
לויפט און וויינט מיט הייסע טרערן.

ביי דעם פענצטער זיצט דער פאָטער,
שניצט א הענטל צו זיין העקל.
״טאָכטער מיינע, זאָג וואָס וויינסטו?
זאָג מיר, טעכטערל דו שיינע!״

״ווי זאָל איך ניט וויינען־קלאָגן,
אז איך האָב אזוינע זארגן!
ווייסט פארוואָס איך וויין אצינדערט
און פארגיס אזוי פיל טרערן?
כ׳האָב דאָס צלמ׳ל פארלוירן,
און דאָס האָקעלע פון גארטל,
ס׳בלאנקע צלמ׳ל פון זילבער,
און דאָס האָקעלע פון קופּער.״

ביי דעם טויער זיצט דער ברודער,
זיצט און שניצט פון האָלץ א שליטן.
"שוועסטער מיינע, זאָג וואָס וויינסטו?
זאָג מיר, שוועסטערל דו שיינע!"

"ווי זאָל איך ניט וויינען־קלאָגן,
אז איך האָב אזוינע זאָרגן!
ווייסט פארוואָס איך וויין אצינדערט
און פארגיס אזוי פיל טרערן?
כ'האָב דאָס פינגערל פארלוירן,
און פון האלדז דאָס שנירל פּערל;
ס'פינגערל פון גאָלד פון ריינעם,
און דאָס זילבערדיקע שנירל."

אין דעם שטיבל זיצט די שוועסטער,
זיצט און וועבט פון גאָלד א גארטל.
"שוועסטער מיינע, זאָג וואָס וויינסטו?
זאָג מיר, שוועסטערל דו שיינע!"

"ווי זאָל איך ניט וויינען־קלאָגן,
אז איך האָב אזוינע זאָרגן!
ווייסט פארוואָס איך וויין אצינדערט,
און פארגיס אזוי פיל טרערן?
כ'האָב פון שלייף דאָס גאָלד פארלוירן,
פון די האָר ארויס דאָס צירונג,
און דעם זייד־באנד פון מיין שטערן,
פון די צעפּ די רויטע סטענגע."

אין דער קאמער שטייט די מוטער,
הויבט די סמעטענע ארונטער.
"טאָכטער מיינע, זאָג וואָס וויינסטו?
זאָג מיר, טעכטערל דו ליבע!"

"אָי, געטרייע מאמע מיינע!
מיין באשיצעריז דו ליבע!
ווי זאָל איך ניט וויינען־קלאָגן,
אז איך האָב אזוי פיל זאָרגן!
ווייסט פארוואָס איך וויין אצינדערט
און פארגיס אזוי פיל טרערן?
כ'האָב געלאָזט זיך גיין אין וועלדל
פרישע בעזימלעך צו רייסן,
בעזימלעך פון ריטלעך גרינע;
האָב איך איינס געמאכט דעם טאטן,
און פאר דיר געמאכט דאָס צווייטע,
און דאָס דריטע אָנגעריסן
פאר דעם אינגסטן פון די ברידער.
ווי איך לאָז זיך שוין א־היים גיין,
גיי צוריק שוין פון דעם וועלדל,
קומט אָן פלוצלינג וואינאמאָינען,
קומט אנטקעגן פון די פעלדער,
און הויבט אָן אזוי צו ריידן:
'ניט פאר קיינעם שיינע מיידל,
טראָג פאר מיר נאָר, קינד מיינס טייערס,
אָף דיין האלדז דאָס שנירל פּערל,
און דאָס צלמ'ל אָף דיין הארצן,
פלעכט פאר מיר די צעפּ די שיינע,
בינד פאר מיר די האָר מיט סטענגעס.'
האָב איך גלייך אראָפּגעריסן
ס'בלאנקע צלמ'ל פון הארצן,
און דאָס פינגערל פון פינגער,
און פון האלדז דאָס שנירל פּערל,
פון די האָר די רויטע סטענגע,
אלץ פון זיך אראָפּגעריסן,
און אזוי אים גלייך געענטפערט:
'ניט פאר דיר און ניט פאר קיינעם
הענגט דאָס צלמ'ל אָף מיין הארצן,
בינד איך אויס די האָר מיט סטענגעס,
כ'וויל קיין ווייצן ברויט ניט עסן,
און קיין פרעמדע קליידער טראָגן,
א פּראָסט קליידל איז מיר ליבער,
טרוקן ברויט א סך געשמאַקער

# קאַלעוואַלאַ



אין דער היים ביים גוטן טאַטן,
ביי מיין ליבער, גוטער מאַמען.״

זאָגט די מוטער צו דער טאָכטער,
זאָגט די אַלטע צו דער יונגער:
״נעם זיך ניט אַזוי צום האַרצן,
הער אויף וויינען, ליבע טאָכטער!
עס אַ גאַנץ יאָר הוילע פּוטער,
וועסטו ווערן פולער, רונדער,
ס׳צווייטע יאָר עס פעטע פליישן,
וועסטו חנ׳עוודיקער ווערן,
און דאָס דריטע יאָר עס לעקאַך,
וועסטו זיין דאָס שענסטע מיידל.
גיי אין שפּייכלער אַף דעם בערגל,
שליס דאָרט אויף די בעסטע קאַמער,
וועסטו זעען פולע קאַסטנס,
אָן אַ שיעור און אָן ערך
שטייען זיי אין לאַנגע שורות,
עפן אויף דעם בעסטן קאַסטן,
הויב דאָס שענסטע דעקל אונטער,
וועסטו זען — עס ליגן דאָרטן
גאַרטלען זעקס פון גאָלד געוועבטע,
זיבן שיינע בלויע קליידער,
וואָס געוועבט האָט זיי די טאָכטער
פון דער ליכטיקער לבֿנה,
און פון זון די שיינע טאָכטער
האָט אַליין גענייט זיי אַלע.

״אין די יונגע יאָרן מיינע,
אין די פריע מיידל־יאָרן,
בין איך איינמאָל זיך געגאַנגען
קלייבן יאַגעדעס אין וועלדל,
אַף דעם בערגל אַף דעם גרינעם.
פלוצלינג זע איך, ווי די טעכטער
פון דער זון און דער לבנה
זיצן זיך אַזוי און וועבן

ביי דעם ראנד פון גרינעם בערגל,
פונקט ביים זוים פון שיינעם וועלדל.

„גיי איך צו אביסל נענטער,
שאר זיך צו מיט טריט מיט שטילע,
און איך הויב זיי אָן צו בעטן,
הויב אזוי צו זיי אָן ריידן:
'גיב, קוואטאר, גאָלד אביסל!
פאאיוואטאר גיב מיר זילבער!
שענקט אָן אָרים מיידל עפּעס,
גיט דעם קינד, וואָס טוט אייך בעטן.'

„און עס גיט מיר גאָלד קוואטאר,
פאאיוואטאר גיט מיר זילבער,
און איך בינד מיט גאָלד די האָר אויס,
פּוץ מיט זילבער אויס מיין שטערן,
און איך לויף מיר, ווי א בלימל,
לויף א פריילעכע צום טאטן.

„און איך טראָג אזוי מיין צירונג,
טראָג עס איין טאָג און א צווייטן,
און דערנאָך האָב איך גענומען
ס'גאַנצע גאָלד פון מיינע שלייפן,
און דאָס זילבער פון מיין שטערן
און אין קאסטן עס פארשלאָסן;
ליגט עס דאָרטן נאָך ביז איצטער,
ליגט ביז איצט נאָך צוגעשלאָסן.

„בינד דיר אויס די האָר מיט סטענגעס,
פּוץ מיט גאָלד זיך אויס דעם שטערן,
און דעם האַלדז — מיט שיינע פּערל,
נעם דאָס צלמ'ל אפן האַרצן,
טו זיך אָן א לייענען העמדל,
אויסגעוועבט פון פלאקס דעם פיינסטן,
טו פון וואָל זיך אָן א מאנטל,
און פון ווייכסטן זייד א גאַרטל,
און פון זייד די שענסטע זאָקן,
טו אָן שיך פון ווייכסטן לעדער,
און פארפלעכט די צעפּ די שיינע,
בינד זיי אויס מיט רויטע סטענגעס,
אַף די הענט טו אָן בראַסלעטן,
פינגערלעך אַף דיינע פינגער!
נאָכדעם קום א־היים פון שפּייכלער,
גיי א־היים אָן אויסגעפּוצטע,
און פון אלעמען די שענסטע.
צו דער פרייד פון אלע קרובים,
וועסטו אומגיין ווי א בלימל,
ווי א מאַלינע ביים בערגל,
חנ'עוודיקער נאָך ווי פריער,
שענער נאָך ווי ביז אצינדערט."

אָט אזוי האָט איר די מוטער
אַלץ געטרייסט און אויסגע'עצה'ט.
ניט געהערט האָט אָבער איינאָ,
ניט געפאָלגט איר מוטערס עצה.
אָפּגעווענדט האָט זי איר פּנים,
אָפּגעווענדט אין טיפן טרויער,
און אין הויף ארויסגעגאנגען;
וואַנדלט אום און וויינט מיט טרערן,
און זי הויבט אזוי אָן ריידן:
„וואָס קאָן זיין דער זין פון פריידן,
דער געדאנק פון גליק ביים מענטשן?
ווי דאָס טאנצן פון א וואסער,
ווי א שימער אַף די כוואַליעס.
און וואָס איז דער זין פון טרויער,
וואָס איז דער געדאנק פון אומעט?
ווי דער שניי אין טיפן שאָטן,
ווי דאָס וואסער טיף אין ברונעם.

„אָט אזוי טראָגט זיך מיין אומעט,
טראָגט מיין האַרץ זיך אָפּט אין ווייטיק
איבער פוסטע, וויסטע פעלדער,

שלייכט זיך צווישן הויכע ביימער,
בלאַנקעט אום זיך צווישן בושן.
מיין געדאנק איז שווארץ ווי סאַזשע,
און דאָס האַרץ מיינס — שווארץ ווי קוילן.

"בעסער וואָלט מיר איצט געגאנגען,
כ׳וואָלט שוין גליקלעכער געוועזן,
ווען איך ווער גאָר נישט געבוירן,
קוק ניט אָן די וועלט די בייזע,
זע ניט אָן די טעג פון טרויער,
און די צייט פון גרויסן עלנט!
וואָלט דער טויט געוועזן געקומען,
אַף דער זעקסטער נאכט געקומען,
מיך צום אכטן טאָג פארנומען —
וואָס וואָלט מיר דען אָפּגעגאנגען?
לייוונט אַף א פּיצל העמדל,
און א ווינקל אַף א קבר!
דעמאָלט וואָלט מיין ליבע מאמע
ווינציק טרערן דאָך פארגאָסן,
א פּאָר טרערן נאָך דער טאַטע,
קוים א טרערעלע — דער ברודער."

אָט אזוי איז זי געזעסן
און געוויינט א צייט א לאַנגע.
ביז די מוטער פרעגט איר ווידער:
"זאָג, וואָס וויינסטו, קינד מיין איינציגס?
זאָג, וואָס טרויערסטו און יאָמערסט?"

"ווייסט פארוואָס איך וויין אַצינדערט,
און פארגיס אזוי פיל טרערן?
ווייל איך בין אזוי אומגליקלעך,
ווייל איך האָב א ביטער מזל.
האָסט אליין מיך אָפּגעגעבן,
מיך, דיין קינד אוועקגעשאָנקען
צו אַן אלטן מאַן א גרויען,
אים צו לוסט מיך אָפּגעגעבן,
כ׳זאָל זיין שוואכן טראָט אים היטן,
אַף זיין שטוב אים אכטונג געבן.
ס׳וואָלט מיר בעסער שוין געוועזן
זיך אין ים אראָפּצולאָזן,
אין די ברויזנדיקע כוואַליעס,
מיט די פישן דאָרט צו וואוינען,
זיך צו חבר׳ן מיט שלייען.
בעסער שוין אין וואַסער שווימען,
אין די בלויע, קילע שטראָמען,
ווי אַן אלטן מאַן צו טרייסטן,
ווי די זאָקן אים מערעזשען,
און אים צוהאַלטן פון פאַלן."

אייליק לאָזט זי זיך צום קאַמער,
צו דעם שפּייכלער אַף דעם בערגל,
עפנט אויף דעם שענסטן קאַסטן
הויבט דאָס שענצסטע דעקל אונטער —
זעט זי ווי עס ליגן דאָרטן
גאַרטלען זעקס פון גאָלד געוועבטע,
זיבן בלויע שיינע קליידער.

און עס פּוצט זיך אויס דאָס מיידל
אין די שענצסטע פון די קליידער,
פּוצט מיט גאָלד זיך אויס די שלייפן,
פּוצט די האָר זיך אויס מיט זילבער,
און די צעפּ מיט בלויע סטענגעס,
מיט א פּורפּור־באַנד — דעם שטערן.

און זי גייט ארויס פון קאַמער,
לאָזט אוועק זיך אַף די פעלדער,
און דורך שאָטנדיקע וועלדער,
וואַנדערט איבער לאָנקעס, זומפּן,
גייט און הויבט אָן שטיל צו ברומען,

הויבט א לידל אָן צו זינגען:
„שווער איז מיר דאָס האַרץ מיינס
איצטער,
אַף מיין קאָפּ דריקט מיר א משא,
זאָל דאָס האַרץ מיר שווערער ווערן,
און די משא שטאַרקער דריקן,
וועל איך, עלנט מיידל, שטאַרבן,
וועל פון צרות זיך באַפרייען,
פון מיין שווערן טיפן אומעט,
פון די אומענדלעכע ליידן.

„ס'איז מיין צייט מיר שוין געקומען,
מיט דער וועלט זיך איצט צו שיידן,
זיך אַראָפּלאָזן צו מאַנאַ'ן,
צו די טויערן טואָני'ס.
קיינער וועט מיך ניט באַוויינען,
קיינער וועט אַף מיר ניט קלאָגן,
ניט דער טאַטע, ניט די מאַמע,
קיינער וועט קיין טרער ניט לאָזן,
ניט מיין ברודער, ניט מיין שוועסטער,
ווען איך וועל אין וואַסער זינקען,
דורך די ברויזנדיקע כוואַליעס,
צו דער שוואַרץ־געדיכטער בלאָטע."

און זי גייט און גייט א טאָג אַף,
גייט אַף נאָך א טאָג א צווייטן,
און דעם דריטן טאָג דערגרייכט זי
צו א ברייטן טיפן וואַסער.
און זי זעצט זיך אַף די ברעגן,
זיצט אזוי דאָרט אַף די גראָזן,
ביז די נאַכט איז צוגעפאַלן.

און אזוי איז זי געזעסן
און געוויינט דעם גאַנצן אָוונט,
און די גאַנצע נאַכט געיאָמערט
ביי דעם ראַנד פון ים דעם טיפן,
ביי די ברעגן פון דעם וואַסער.

ווי ס'האָט אָנגעהויבן טאָגן,
ביי דעם שימער פון פרימאָרגן,
זעט זי פּלוצלינג פון דער ווייטן,
ווי עס באָדן זיך דריי מיידלעך,
ווי זיי שטיפן אין די כוואַליעס —
איינע לויפט צו זיין די פערטע.

און זי וואַרפט אַראָפּ די קליידער,
הענגט אַרויף זיי אַף א ווערבע,
אַף א שטיין לייגט זי די זאָקן,
און די שיך — אַף גרינע גראָזן,
אַף דעם זאַמד — די שיינע פּערל,
און דאָס פינגערל — אַף שטיינדלעך.

פון דער מיט פון טיפן וואַסער
שפּאַרט אַרויס א פעלז א הויכער —
שימערט ער און גלאַנצט פון דאָרטן,
גלאַנצט מיט אַלערליי קאָלירן;
צו דעם פעלז שווימט צו דאָס מיידל,
דאָרט פון אומעט זיך באַפרייען.

ווי זי שטעלט זיך נאָר אַנידער,
זעצט זיך אָפּרוען אַביסל
אַף דעם גלאַטן פעלז דעם הויכן,
אזוי הויבט ער אָן צו זינקען,
זינקט אַראָפּ צום סאַמע אָפּגרונט;
מיט דעם פעלז פאַרשווינדט אויך איינע
אין דעם טיפן נאַסן קבר.

אָט אזוי איז זי פאַרשוואונדן
ס'שיינע טייבעלע דאָס יונגע,
אין די ברויזנדיקע כוואַליעס,
נאָר זי האָט נאָך אויסגעשריען,
פאַר דעם טויט דאָס ליד געזונגען:

„בין איך זיך געגאַנגען באָדן,
אין דעם ים געגאַנגען שווימען,

האָט דער ים מיך איינגעזויגן,
מיך פארשלעפּט צום טיפן אָפּגרונט,
ווי א טייבעלע א קליינע,
ווי א פויגעלע א יונגע.
זאָל דערפאַר מיין ליבער טאטע,
זאָל ער קיינמאָל אין זיין לעבן
ניט פאַרוואַרפן זיינע נעצן,
מער קיין פיש דאָ שוין ניט כאַפּן.

„בין איך זיך געגאַנגען באָדן,
אין דעם ים געגאַנגען שווימען,
האָט דער ים מיך איינגעזויגן,
מיך פארשלעפּט צום טיפן אָפּגרונט,
ווי א טייבעלע א קליינע,
ווי א פויגעלע א יונגע.
זאָל דערפאַר מיין ליבע מאַמע
קיינמאָל אין איר גאַנצן לעבן
מער אַף באַקן וואַסער שעפּן
פון דעם וואַסער ביי דעם שטיבל.

„בין איך זיך געגאַנגען באָדן,
אין דעם ים געגאַנגען שווימען,
האָט דער ים מיך איינגעזויגן,
מיך פארשלעפּט צום טיפן אָפּגרונט,
ווי א טייבעלע א קליינע,
ווי א פויגעלע א יונגע.
זאָל דערפאַר מיין ליבער ברודער
קיינמאָל אין זיין גאַנצן לעבן
פירן דאָ זיין אָגער פאַיען
ביי מיין אומגליקלעכן קבר.

„בין איך זיך געגאַנגען באָדן,
אין דעם ים געגאַנגען שווימען,
האָט דער ים מיך איינגעזויגן,
מיך פארשלעפּט צום טיפן אָפּגרונט,
ווי א טייבעלע א קליינע,
ווי א פויגעלע א יונגע.
זאָל דערפאַר מיין ליבע שוועסטער,
זאָל זי קיינמאָל אין איר לעבן
ביי דעם ברעג די אויגן וואַשן
מיט דעם וואַסער פון דער געגנט.

„פון דעם ים דאָס גאַנצע וואַסער
איז געמישט מיט מיינע בלוטן,
און פון ים די אַלע פישן
זיינען פלייש איצט פון מיין קערפּער.
יעדער צווייג דאָ ביי די ברעגן
איז א גליד פון מיינע גלידער,
איטלעך גרעזעלע, וואָס וואַקסט דאָ,
איז א האָר פון קאָפּ פון מיינעם.“

אָט אַזוי איז זי געשטאָרבן,
ווי א טייבעלע פאַרשוואונדן.
ווער־זשע וועט די בייעס מעלדן,
און די בייזע בשורה ברענגען
צו דער היים פון שיינעם מיידל,
צו דעם מיידל׳ס טאַטע־מאַמע?

וועט דער בער די בייעס מעלדן,
און די בייזע בשורה ברענגען?
זאָל דער בער קיין בשורה טראָגן:
ער וועט אויפפרעסן די רינדער.

ווער־זשע וועט די בייעס מעלדן,
און די בייזע בשורה ברענגען
צו דער היים פון שיינעם מיידל,
צו דעם מיידלס טאַטע־מאַמע?

וועט דער וואָלף די בייעס מעלדן,
און די בייזע בשורה ברענגען?
זאָל דער וואָלף קיין בשורה טראָגן:
ער וועט נאָך די שאָף פאַרצוקן.

וואר־זשע וועט די נייעס מעלדן,
און די בייזע בשורה ברענגען
צו דער היים פון שיינעם מיידל,
צו דעם מיידלס טאטע־מאמע?

וועט דער פוקס די נייעס מעלדן,
און די וויסטע בשורה ברענגען?
זאָל דער פוקס קיין בשורה טראָגן:
ער וועט אלע געגנדן נאָך טויטן.

וואר־זשע וועט די נייעס מעלדן,
און די וויסטע בשורה ברענגען
צו דער היים פון שיינעם מיידל,
צו דעם מיידלס טאטע־מאמע?

וועט דאָס העזעלע א לויף טאָן
און די וויסטע בשורה ברענגען?
ענטפערט מוטיק אָפּ דאָס העזעלע:
"איך וועל ברענגען די ידיעה."

לאָזט דאָס העזעלע זיך לויפן,
מיטן קרומען פיסקל איילן,
מיט די קרומע פיסלעך יאָגן
איבער צווייגן, איבער שטיינער,
צו דער היים פון שיינעם מיידל,
צו דעם מיידלס טאטע־מאמע.

קומט דאָס העזעלע צולויפן,
גלייך אין באָד אריין צויאָגן,
און סע שטעלט זיך ביים אריינגאנג,
זעצט זיך אף דער שוועל אנידער,
און די באָד איז פול מיט מיידלעך;
שטעלן אָן אף אים די מיידלעך
אלע בעזעמלעך, און זאָגן:
"אָט־אָ נעמען מיר דיך קאָכן,

אָט־אָ נעמען מיר דיך בראָטן,
וועט די הארין מיטאָג עסן,
און דער האר — אן אוונט־מאָלצייט,
וועט די טאָכטער פרישטיק עסן,
און דער זון א ביסן קריגן."

ענטפערט זיי דאָס קרומע אויגל,
הויבט דאָס העזעלע אָן ריידן:
"בעסער זאָל שוין לעמפּאָ קומען
און זיך לאָזן פון אייך בראָטן!
איך בין דאָ מיט א שליחות,
כ'טראָג צו אייך א וויסטע בשורה:
אייער מיידל איז פארשוואונדן!
טויט איז אייער שיינע איינאָ!
איינגעזונקען מיט איר צירונג,
מיט די פערל, מיט דעם גארטל,
אין דעם טיפן בלויען וואסער;
מיט די פיש וועט זי דאָרט לעבן,
און זיך חבר'ן מיט שלייען."

דאָ הויבט אָן די מוטער וויינען
און באגיסן זיך מיט טרערן,
און זי לאָזט אזוי זיך הערן:
"קיינמאָל זאָלט איר ניט, אָ, מאמעס,
קיינמאָל ניט אין אייער לעבן
אייך־אליין חתנים זוכן,
און ניט צוריידן די טעכטער
צו א מאן, וואָס זיי געפעלט ניט,
ווי איך, אומגליקלעכע מאמע,
האָב מיין קינד אליין געטריבן,
האָב מיין טייבעלע געצוואונגען."

און זי וויינט און קלאָגט די מוטער,
און עס פליסן אירע טרערן
פון די בלויע אויגן אירע
אף די אלטע בלאסע באקן.

און די טרערן פליסן, שטראָמען,
הייסע טרערן, אָן אָן אָפּהאַלט,
פון די אַלטע בלאַסע באַקן
אַף דעם קלאַפּנדיקן האַרצן.

און די טרערן פליסן, שטראָמען,
הייסע טרערן, אָן אָן אָפּהאַלט,
קייקלען זיך פון האַרץ אַרונטער
ביז דעם זוים פון אירע קליידער.

און די טרערן פליסן, שטראָמען,
הייסע טרערן אָן אָן אָפּהאַלט
רינען פון דעם זוים אַרונטער
ביז די רויט־געשטרייפטע זאָקן.

און די טרערן פליסן, שטראָמען,
הייסע טרערן, אָן אָן אָפּהאַלט,
פון די רויט־געשטרייפטע זאָקן
ביז צום גרינעם גראָז אַרונטער.

ווי זיי גרייכן צו די גראָזן,
אַזוי ווערט פון זיי דריי טייכן,
טייכן דריי פון הייסע טרערן,
וואָס די מוטער האָט פאַרגאָסן,
פון די אויגן אויסגעגאָסן.

און אין יעדן פון די טייכן
ברויזט אַ וואַסערפאַל מיט פייער,
און פון שוים און פון געווירבל
שטייגן אויף דריי גרויסע פעלזן.
אַף די שמאָלע פעלזן־ראַנדן
ווייזן זיך אַרויס דריי בערגלעך,
אַף דעם שפּיץ פון יעדן בערגל
וואַקסן דריי בערעזעס גרינע,
און אַף די בערעזע־שפּיצן
לאָזן זיך אַראָפּ דריי פייגל.

הויבן אָן די פייגל זינגען.
איינער זינגט: „אַי, ליבע, ליבע!"
און דער צווייטער זינגט: „געליבטע!"
און דער דריטער: „פריידן, פריידן!"

דריי חדשים זינגט דער פויגל,
וואָס האָט „ליבע" אויסגעזונגען.
דאָס געזאַנג איז פאַרן מיידל,
וואָס טוט רוען אין די כוואַליעס.

זעקס חדשים זינגט דער צווייטער,
זינגט צו טרייסטן איצט דעם חתן,
וואָס וועט וויינען אַף זיין כלה.
ווער ס'האָט אויסגעזונגען „פריידן",
וועט שוין שטענדיק אַזוי זינגען,
ס'גאַנצע לעבן אַזוי זינגען,
פאַר דער מוטער, וואָס וועט קלאָגן,
וואָס וועט יעדן טאָג שוין וויינען.

ווי די מוטער האָט דערהערט נאָר,
ווי זי האָט דערהערט דאָס זינגען,
האָט זי אָנגעהויבן ריידן:
„מאַמע, אומגליקלעכע מאַמע!
הער ניט דאָס געזאַנג פון פייגל!

„ווען איך הער געזאַנג פון פייגל,
הויבט דאָס האַרץ מיר אָן צו קלאַפּן,
הויבן אָן מיר טרערן רינען
פון די אויגן אַף די באַקן,
טראָפּן טרערן, ווי די אַרבעס,
גרעסער אפשר פון פאַסאָליעס.
אַף אַ האָר הענגט מיר דאָס לעבן!
ס'לאָזן אויס זיך מיר די כוחות,
ווען איך הער די פייגל זינגען."

# פינפטע רונע

## וואינאמאָינען זוכט זיין כלה

וואינאמאָינען גייט כאַפּן פיש; ער וויל אַרויס־
צוציען יאָוקאהיינעניס שוועסטער; וואינאמאָי־
נען פאַנגט אַ שיינעם פיש און וויל אים צעשניידן,
אָבער דאָס איז גאָר געווען איינאָ, וועלכע האָט
זיך פון זיינע הענט אַרויסגעגליטשט און אַריינ־
געשפרונגען צוריק אין וואַסער. וואינאמאָינען
בעט זי צוריק אין שיפל, אָבער זי פאַרשווינדט.
ער קומט אַ טרויעריקער אַ־היים. זיין מאַמע
ראָט אים זיך צו שדכניען צו אַ מיידל פון פאָכיאָ.

# קאלעוואלא

גאנצע נעכט פארגיסט ער טרערן
אף דעם שיינעם יונגן מיידל,
וואָס דער ים האָט איינגעשלונגען
אין די בלויע טיפע כוואליעס,
אין די רוישנדיקע טיפן.

און ער גייט ארום אין זארגן,
גייט פארזונקען טיף אין צער,
ביז ער קומט צום ים צום בלויען,
און ער הויבט אזוי אָן ריידן:
"זאָג, אונטאמאָ, פוילער פעפער,
זאָג, וואָס חלומ'סטו אצינדערט?
זאָג, וואו זיינען אַכטאָ'ס טעכטער,
און די מיידלעך פון וועלאַמאָ'ן?"

און אונטאמאָ הויבט אָן ריידן,
און דער פעפער נעמט דערציילן:
"דאָרט און דאָרטן זיצן מיידלעך,
דאָרטן זיינען אכטאָ'ס טעכטער —
אף דעם לאנד־פאס פול מיט נעפל,
אף דעם חשכ'דיקן אינדזל,
אונטער כוואליעס טיף באהאלטן,
אין דער שווארץ־גערייכטער בלאָטע.

"דאָרטן וואוינען אכטאָ'ס טעכטער,
און די מיידלעך פון וועלאמאָ'ן
זיצן דאָרט אין ענגן שטיבל,
אין דעם קעמערל דעם קליינעם,
אף די שייך־געשטרייפטע שטיינער,
טיף באהאלטן צווישן פעלזן."

לאָזט דער אלטער וואינאמאָינען
זיך אין איילעניש צום שיפל,
און ער נעמט ארויס די ווענדקע,
און באטראכט דאָס לאנגע שנירל,
און באקוקט דעם האקן לאנגזאם,



נעל פארשפרייט האָט זיך די נייעס,
ווייט צעטראָגן די ידיעה
וועגן איינאָ'ס ביטער מזל,
וועגן טויט פון יונגן מיידל.

ווערט דער אלטער וואינאמאָינען
איינגעבויגן אזש פון ווייטאָג,
וויינט אין אָוונט, אין פרימאָרגן,

נעמט אין האנט אריין די ווענדקע,
נעמט דעם האקן אין א זעקל,
און ער לאָזט זיך מיט זיין שיפל
צו דעם לאנד־פּאס פול מיט נעפּל,
צו דעם חשכ׳דיקן אינדזל.

און ער נעמט זיך פיש צו כאפּן.
ער צעציט דאָס ווענדקע־שנירל,
און פארוואַרפט אין ים דעם האקן,
און ער זיצט אזוי ביים וואסער
און ער ארבעט מיט דער ווענדקע.
ציטערט אזש דאָס קופּער־שטעקל,
און דער זילבער־פאָדים צישעט,
און עס פייפט דאָס גאָלדענע שנירל.

ס׳האָט שוין אָנגעהויבן טאָגן,
ס׳איז ארויס דער מאָרגנשטערן,
ווען צום האקן איז א פישל,
איז א לאקס־פיש צוגעשוואומען
און אליין געלאָזט זיך פאנגען,
זיך אריינלייגן אין שיפל.

קוקט ער און באטראכט דאָס פישל,
און ער הויבט אזוי אָן ריידן:
„ס׳איז א זייער זעלטן פישל!
כ׳האָב אזוינס נאָך נישט געזען!
ס׳איז נאָך גלאטער פון פאָרעלן,
גלאנצט נאָך שטארקער פון א שלייען,
און ס׳איז גרויער פון א העכטל,
פאר א „זי" — מיט ווינציק שופּן,
פאר א „ער" — מיט ווייניק ליסקעס,
האָט קיין באנדן ניט ווי מיידלעך,
און קיין גארטעלע ווי נימפן,
און פון אויערלעך קיין סימן,
און ס׳איז ענלעך צו א לאקס־פיש,
צו א פיש פון טיפן וואסער."

וואינאַ טראָגט א מעסער אין גארטל
מיט א שייד־געזילבערט הענטל;
נעמט ער שנעל ארויס דאָס מעסער,
נעמט אין האנט דאָס שארפע קלינגל,
וויל דאָס פישל שנעל צעהאקן,
וויל דעם לאקס־פיש גלייך צעשניידן,
זיך מיט אָנבייסן פארזאָרגן,
זיך א פריען ביסן מאכן,
און א וואַרעמעס פארגרייטן,
און אף וועטשערע נאָך לאָזן.

ווי ער נעמט דאָס פישל שניידן,
נעמט דאָס בייכל אויפצושפּאלטן —
טוט עס גלייך א שפּרונג אין וואסער,
אין די רוישנדיקע כוואַליעס,
שפּרינגט ארויס פון ברוינעם שיפל,
פון דעם אלטנס שיינעם שיפל.

און עס הויבט ארויס דאָס קעפּל,
הויבט ארויס דעם רעכטן אקסל
פון דעם פינפטן וואסער־בערגל,
שטעקט ארויס דעם רעכטן אָרעם
פון דער זעקסטער בלויער כוואַליע,
שטעקט ארויס דאָס לינקע פיסל
פון דעם זיבעטן געווירבל,
פון דעם וואסער־שטראָם דעם ניינטן.

און דער לאקס־פיש לאָזט זיך הערן,
הויבט צו אים אזוי אָן ריידן:
„אֵי, דו אלטער וואינאַמאָינען!
איך בין נישט אהער געקומען,
אז דו זאָלסט מיך דאָ צעשניידן,
ווי א פיש אף שטיקער האקן,
זיך מיט אָנבייסן פארזאָרגן,
זיך א־פריען ביסן מאכן,
און א וואַרעמעס פארגרייטן,
און אף וועטשערע נאָך לאָזן."

זאָגט דער אלטער וואינאמאָינען:
"זאָג נאָך וואָס ביסטו געקומען?"
"ווייסט נאָך וואָס איך בין געקומען?
כ'זאָל אָף דיינע הענט זיך זעצן,
ווי א טייבעלע א שטילע,
כ'זאָל דיין ווייב אָף שטענדיק בלייבן,
אָף דיין בעט א קושן לייגן,
דיינע שטיבלעך שטענדיק ראמען,
אלע דיינע דילן קערן,
און צעבלאָזן העל א פייער,
ווען סע ווערט אינדרויסן טונקל,
גרויסע ברויטן פאר דיר באַקן,
ביר א גלעזל אָנצוגיסן,
דיר א וואַרעמעס פארגרייטן.

"ניט פון ים בין איך א פישל,
ניט קיין שלייען פון די טיפן
כ'בין א שיינע יונגע מיידל,
איך בין יאָוקאהיינען'ס שוועסטער,
וואָס דו טראכטסט פון איר באשטענדיק
און דו זוכסט זי אלע יאָרן.

"דו פארשטייסט קיין זאך ניט, אלטער!
נאריש ביסטו, וואינאמאָינען!
האָסט פון האנט ארויסגעלאָזן
איינע פון וועלאמאָ'ס טעכטער,
אכטאָ'ס שיינע ליבסטע מיידל!"

זאָגט דער אלטער וואינאמאָינען
און זיין קאָפּ איז טיף געבויגן:
"דו ביסט יאָוקאהיינען'ס שוועסטער?
קום צוריק אריין אין שיפל!"

קיינמאָל קומט ניט מער דאָס מיידל,
איינמאָ קומט שוין מער ניט קיינמאָל,
נאָר זי טוט א טויך אין וואסער
און פארשווינדט גלייך אין די טיפן,
צווישן גרויע פעלזן־שפיצן,
צווישן שייך־געשטרייפטע שטיינער.

הויבט דער אלטער וואינאמאָינען,
הויבט ער אָן צו טראכטן־קלערן:
"וואָס־זשע קען מען טאָן איצט ווייטער?"
און ער פלעכט פון זייד אויס נעצן,
און ער שלעפּט זיי אין געוויסער,
הין־און־הער, אָף אלע זייטן,
דורך די וואסערן די שטילע,
שלעפּט א־דורך זיי אלע בוכטעס,
אלע לעכער פון די לאַקס־פיש,
אלע שטראָמען פון וואינאָלא,
דורך די קאלעוואלא־ריפן,
דורך די ווירבלנדיקע טיפן,
דורך די טייכן פון יוקאָלא,
און דורך אלע לאפּלאנד־בוכטעס.

פיש האָט ער געכאַפּט א־פולע,
פון א־יעדן סאָרט געפאנגען,
אָבער נישט דאָס ליבע פישל,
וואָס ער טראכט פון דעם באשטענדיק,
ניט וועלאמאָ'ס שיינע מיידל,
אכטאָ'ס שיינע ליבע טאָכטער.

און דער זינגער וואינאמאָינען
פון זיין צער שטארק דערשלאָגן,
מיט זיין קאָפּ אראָפּגעבויגן,
אָף א זייט פארוקט דאָס היטל,
האָט אזוי גענומען ריידן:
"אָי, בין איך א נאר אַן אלטער,
און א מענטש גאָר אָן געדאנקען!
כ'האָב אמאָל פארמאָגט דאָך שכל,
מיט געדאנקען רייך באַשאָנקען,

און א האַרץ פול מיט געפילן,
איצטער האָב איך אַלץ פאַרלוירן!
איצט, אין טרויערדיקע צייטן,
ווען איך בין שוין אַלט געוואָרן,
ווען עס לויפט מיך נאָך דאָס אומגליק —
האָט דער שׂכל מיך פאַרלאָזן,
דער געדאַנק איז מיר פאַרשוואונדן.

"די, צו וועמען איך פלעג בענקען,
שטענדיק טראָגן זי אין האַרצן,
אָט־די שיינע נימף וועלאַמאָ'ס,
יונגסטע טאָכטער פון די כוואַליעס,
וואָס געזאָלט האָט זיין מיין ליבסטע,
שטענדיק ווי מיין ווייב פאַרבלייבן,
די — האָב איך געכאַפּט אַלס פּישל,
נאָר ס'איז מיר ניט איינגעפאַלן
זי א־היים אוועקצופירן,
און איך האָב זי אָפּגעלאָזן
אין די שוימענדיקע טיפן."

און ער לאָזט זיך לאַנגזאַם גייען,
און ער גייט און זיפצט פון ווייטיק,
נאָכדעם נעמט ער זיך א־היים גיין,
און ער הויבט אַזוי אָן ריידן:
"פריער פלעגן פייגל זינגען,
און דער קוקוק פלעגט מיך גריסן
אין פרימאָרגן און אין אָוונט,
אָפטמאָל אויך אין מיטאָג־שטונדן.
וואָס־זשע שווייגן זיי אַצינדערט?
ווער האָט שטום געמאַכט די פייגל?
זאָרגן לאָזן זיי ניט זינגען!
טרויער האָט פאַרשטומט די פייגל!
קענען זיי דערפאַר ניט זינגען,
ווען די זון הויבט אָן זיך זעצן,
צו דערפרייען מיך אין אָוונט,
פרייד מיר ברענגען אין פרימאָרגן.

"אַז איך הויב ניט אָן צו וויסן,
כ'קען קיין עצה זיך ניט געבן,
ווי צו לעבן איצטער ווייטער,
ווי פאַרברענגען מיינע יאָרן!
ווען מיין מאַמע לעבט נאָך איצטער,
ווען זי ליגט ניט שוין אין קבר,
וואָלט זי מיר געזאָגט אַצינדערט,
וואָלט זי מיר איצט אויסגעעצה'ט,
ווי זיך אויסדרייען פון צער,
און געטרייסט מיך פון די צרות
אין די טרויעריקע צייטן
פון מיין שווידערלעכן אומגליק."

וואַכט זיין מאַמע אויף אין קבר,
פון די טיפן נעמט זי ריידן:
"ניט געשטאָרבן איז דיין מאַמע,
און זי הערט דיין קול אַצינדערט,
און זי וועט א וועג דיר ווייזן,
וועט דיר געבן גלייך אַן עצה,
ווי זיך אויסדרייען פון ווייטיק,
און פאַרגעסן אַלע צרות,
און די שווערע טעג פון לעבן.
גיי פון דאַנען קיין פּאָכיאָלאַ,
דאָרטן זיינען שיין די מיידלעך,
אפשר טאַקע גאָר די שענסטע,
און זיי זיינען צוויי מאָל פיינער,
פינף מאָל, זעקס מאָל אַזוי טיכטיק,
ווי יוקאָלאַ'ס פוילע טעכטער,
ווי די פעטע לאַפּלאַנד־מיידן.

"נעם א ווייב, מיין זון, פון דאָרטן,
פון די שיינע לאַפּלאַנד־מיידלעך,
קלייב זיך אויס דאָס שענסטע מיידל,
שיין און שלאַנק ווי א בערעזע
און מיט רירעוודיקע פיסלעך,
רירעוודיק אַף אַלע אבֿרים."

# זעקסטע רונע
## יאָוקאהיינענ'ס פּיילן און בויגן

יאָוקאהיינען טראָגט אַ שנאה אף וואינאמאינען,
און לאָקערט אף אים, בעת יענער פאָרט קיין
פאָכיאָלא. ווען ער דערזעט אים פאַרבייפאָרן,
שיסט ער אף אים. ער טרעפט אָבער נאָר זיין
פערד. וואינאמאינען פאַלט אַריין אין וואַסער;
אַ שטורם־ווינט פאַרטראָגט אים אין ים אַריין.
יאָוקאַהיינען פרייט זיך מיט זיין זיג.

# קאלעוואלא



ון דער זינגער וואינאמאינען
ריכט זיך אויס אין וועג אין ווייטן,
צו דעם גרויזאם־קאלטן דערפל,
צו דעם פינצטערן פאָכיאָלא.
נעמט זיין ארבעס־געלבן אָגער,
נעמט זיין פערד דעם שטרוי־קאלירטן,
און ער טוט אים אָן דאָס צוימל,
טוט אים אָן דאָס גאָלדענע צוימל,
און ער זעצט זיך אויף זיין רוקן,
און ער הויבט אָן אָפּצופאָרן,
און ער יאָגט זיך האסטיק פאָרווערטס,
לויפט דעם וועג אריבער איילק

**6טע**
**רונע**

אף זיין ארבעס־געלבן אָגער,
אף זיין פערד דעם שטרוי־קאלירטן.

און ער פאָרט א־דורך וואינאָלא,
דורך די קאלעוואלא־זאמדן.
און עס לויפט געשווינד זיין אָגער,
היים און הויף שוין לאנג פארשוואונדן,
און ער יאָגט שוין אף דעם וואסער,
אף די ברויזנדיקע כוואליעס,
דאָך די קלויען בלייבן טרוקן,
נעצן זיך נישט איין אין וואסער.

נאָר דער יונגער יאָוקאהיינען,
אָט־דער שוואכער לאפּלאנד־אינגלינג,
האָט געטראָגן לאנג שוין שנאה,
לאנג שוין האָט געברענט זיין קנאה
צו דעם אלטן וואינאמאָינען,
צום באַרימטן אלטן זינגער.

און ער מאכט זיך שנעל א בויגן
מיט א וואונדער־שיינער ווֶעלבונג,
מאכט אים פון דעם בעסטן אייזן,
און באַלייגט אים נאָך מיט קופּער,
און מיט ריינעם גאָלד פון אויבן,
און פארגעסט ניט אויך קיין זילבער.

נאָר וואו נעמט ער שטריק צום בויגן,
און דעם שנור וואו קריגט ער איצטער?
לעמפּאָ גיט אים פלאקסן־פעדים,
היסי — אָדערן פון הירשן.

ענדלעך איז דער בויגן פארטיק,
פארטיק זיינען ביידע עקן.
שיין צום קוקן איז דער בויגן,
און געמוזט א־פולע קאָסטן —
אפן רוקן שטייט א פערדל,
אף דעם עק יאָגט א זשערעבטשיק,

אפן אויסבויג שלאָפט א העזל,
און א בערעלע ביים דריקער.

און ער מאכט א־פולע פיילן
מיט דריי פעדערן אין יעדער,
יעדע פייל פון דעמב געשניטן,
און דער שפּיץ — פון סאָסנע־צווייגלעך.
ווי ער האָט געענדיקט שניצן,
האָט ער פעדערן פארפעסטיקט,
דינע פעדערלעך פון שוואַלבן,
און די פליגעלעך פון שפּערלינג.

נאָכדעם שארפט ער אָן די שפּיצן,
און באשמירט מיט סם די פיילן,
מיט דעם שווארצן בלוט פון שלאנגען,
מיט דעם בלוט פון היסי׳ס עקדעש.

מיט די פיילן אלע פארטיק,
מיטן בויגן אָנגעצויגן,
ווארט ער אף דעם אלטן וואינאַ׳ן,
וויל דעם פריינט פון כוואליעס פאקן,
לויערט ער א גאנץ פרימאָרגן,
און אין אָוונט און צו מיטאָג.

און ער זיצט און ווארט אף וואינאַ׳ן,
און ער ווערט ניט מיד צו ווארטן,
שטייט און קוקט ארויס פון פענצטער,
און פון ווינקל דאָרט ביים פארקן,
שטייט און טשאטעוועט אף סטעזשקעס,
ביי די מעזשעס פון די פעלדער
מיט די פיילן אף זיין רוקן,
און אין האנט זיין שיינער בויגן.

און ער לויערט אָלץ אינדרויסן,
לויערט ביי אן אנדער שטיבל,
אף דעם פייערדיקן לאנד־צונג
פון דער ווייטסטער אינדזל־בוכטע,
ביי דעם וואסערפאל פון פייער,
פונקט ביים הייליקן געווירבל.

ענדלעך איז דאָס דאָך געשען.
איינמאָל מאכט זיך א פרימאָרגן,
אז ער קוקט אזוי אף מערב,
און ער דרייט זיך אויס אף דרום,
און דערזעט א פלעק אין וואסער,
עפּעס בלוילעכס אף די כוואליעס.
איז דאָס ניט א מזרח־וואָלקן ?
צי די זון הויבט אָן שוין אויפגיין ?

דאָס איז ניט קיין מזרח־וואָלקן,
נישט די זון הויבט אָן צו אויפגיין !
דאָס איז ער גאָר, וואינאמאינען,
דער בארימטער אלטער זינגער,
דאָס פאָרט ער אצינד קיין צפון,
אין דעם פינצטערן פאָכיאָלא,
אף זיין ארבעס־געלבן אָגער,
אף זיין פערד דעם שטרוי־קאָלירטן.

טוט א כאַפּ גלייך יאָוקאהיינען,
אָט־דער שוואכער לאפּלאנד־אינגלינג,
אין דער האנט זיין שטארקן בויגן,
שטעלט אים אָן, דעם שיינעם בויגן,
אף דעם קאָפּ פון וואינאמאינען
און ער וויל דעם זינגער שיסן.

נאָך א־פריער פרעגט זיין מוטער,
נאָך א־פריער פארשט די אלטע :
״קעגן וועמען איז דער בויגן ?
וואָס באשלאָגסטו אים מיט אייזן ? ״

ענטפערט גלייך איר יאָוקאהיינען,
און ער הויבט אזוי אָן ריידן :

„כ׳מאך דעם בויגן קעגן יענעם,
און באשלאָג אים נאָך מיט אייזן,
וואינאמיאָנענ׳ען צו טויטן,
אָט־דעם פריינט פון כוואליעס פאקן,
וואינאמאָינענ׳ען צו טרעפן,
אים, דעם אוראלטן מכשף,
פונקט אין הארצן און אין לעבער,
דורך די אקסלען דורכצושיסן.“

נאָר די מוטער לאָזט ניט שיסן,
דאָס דערלויבט אים ניט די מאמע:
„שיס אים ניט, דעם זינגער וואינאָ׳ן,
ריר ניט אָן דעם זון קאלעוואַ׳ס.
פון א גרויסן שטאם קומט וואינאָ,
און ער איז מיין שוואָגער׳ס קרוב.

„אויב דו וועסט דעם זינגער שיסן,
וועסט קאלעוואַ׳ס זון פארדארבן —
וועט די פרייד פון וועלט פארשווינדן,
פון דער ערד געזאנג אוועקגיין.
פרייד איז בעסער דאָ, אף דער וועלט,
אף דער ערד — געזאנג פיל שענער,
ווי אין פינצטערן מאנאלא,
ווי אין טואָנעלאַ׳ס שטיבלעך.“

און דער יונגער יאָוקאהיינען
האָט פארקלערט זיך בלויז א רגע,
נאָכגעטראכט א קליינע ווילע,
איין האנט רייסט זיך ביי אים שיסן,
און די צווייטע שטעלט זיך קעגן,
נאָר די לוסט האָט אים באצוואונגען.

ענדלעך הויבט ער אָן צוריידן
און ער לאָזט אזוי זיך הערן:
„מעג אף אייביק איצט פארשווינדן
פון דער ערד געזאנג און פריידן,
מעג א־יעדע ליד פארשווינדן —
ארט מיך ווינציק: איך וועל שיסן.“

און ער נעמט זיין בויגן ציען,
שטעלט זיין שטארקן קופער־וואָפן
אף זיין לינקן פוס אנידער,
אָנגעשפארט אף רעכטער קניע,
נעמט ארויס א פייל פון שיידל
מיט דריי פעדערלעך באפעסטיקט,
נעמט די הארטסטע און די גלייכסטע
פון די סאמע שטארקסטע פיילן,
שפארט זי אָן מיט פון בויגן
אף דער שנור פון פלאקסן־פעדים.

און ער שטעלט זיין שטארקן בויגן,
שטעלט אים אף זיין רעכטן אקסל,
שטעלט אים פעסט און גרייט צו שיסן
אף דעם אלטן וואינאמאָינען,
און ער הויבט אזוי אָן ריידן:

„טראָג זיך, טראָג, בערעזע־שפּיצל,
שטרעק זיך, צי זיך סאָסנע־צווייגל,
און גליטשט אָפּ, איר פלאקסן־פעדים.
וועט די האנט צו נידעריק צילן —
זאָל די פייל זיך העכער הויבן,
אויב די האנט וועט העכער צילן,
זאָל די פייל זיך נידעריק לאָזן.“

און ער טוט א ריר דעם דריקער,
שיסט ארויס די פייל די ערשטע,
נאָר זי פליט אביסל העכער,
פליט דעם זינגערס קאָפּ אריבער,
שפאלט די וואָלקנדלעך אין הימל,
רייסט די כמארקעלעך די קליינע.

אומבאקימערט, שיסט ער ווייטער,
שיסט די צווייטע פון די פיילן,
נאָר זי פליט צו נידעריק איצטער,
בויערט זיך אין ערד אין טיפער,
וויל די אונטערוועלט דערגרייכן,
וויל דעם בארג פון זאמד צעשפּאַלטן.

שיסט ער גלייך ארויס די דריטע,
פליט די דריטע פייל שוין גלייכער,
און זי טרעפט אין מילץ אין בלויען,
טרעפט דעם ארבעס־געלבן אָגער,
טרעפט דעם פערד דעם שטרוי־קאָלירטן
אין דעם פלייש אריין פון אקסל,
פונקט אין פלייש פון לינקן אקסל.

פאלט אריין איצט וואינאמאינען
מיט די פינגער אין דעם וואסער,
מיט די אָרעמס אין די כוואַליעס,
גלייך אין שוים מיט זיינע פויסטן,
פאלט אראָפּ פון געלבן אָגער,
פון זיין פערד דעם שטרוי־קאָלירטן.

הויבט זיך אויף א גרויסער שטורעם,
און דער ים הויבט אָן צו ברויזן,
טראָגט דעם אלטן וואינאמאינען,
טראָגט אוועק אים פון די ברעגן
אַף די ברייטע וואסער־פלאכן,
אַף די וואסערן די פרייע.

דאָ צעזינגט זיך יאָוקאהיינען
און ער לאָזט אזוי זיך הערן:
״וועסט שוין, אלטער וואינאמאינען,
קיינמאָל מער מיט דיינע אויגן,
ביז לבנה וועט נאָך לייכטן,
מער ניט זען וואינאלאַ׳ס טאָלן,
קאלעוואלאַ׳ס שיינע פעלדער.

״זאָלסט זעקס יאָר אצינדערט שווימען,
זיבן זומערן זיך וויגן,
זאָלסט זיך גאנצע אכט יאָר שאָקלען
אַף די ברייטע וואסער־שטרעקעס,
אַף די פרייע וואסער־שטראָמען,
ווי א סאָסנע שווים זעקס יאָרן,
ווי א דעמבע — זיבן יאָרן,
ווי א פּיען — אכט יאָר כסדר.״

און ער גייט אריין אין שטיבל,
און זיין מוטער נעמט אים פרעגן:
״האָסטו וואינאַ׳ן איצט געשאָסן?
האָסט קאלעוואַ׳ס זון געטראָפן?״

ענטפערט גלייך איר יאָוקאהיינען
און ער הויבט אזוי אָן ריידן:
״איך האָב וואינאַ׳ן איצט געשאָסן,
כ׳האָב קאלעוואַ׳ס זון געטראָפן,
אים געשיקט אין ים צו שווימען,
אַף די וואסערן זיך וויגן,
אַף די ברויזנדיקע כוואַליעס,
אין די טיפע שטראָמען וואַגלען,
אין דעם שוימיקן געווירבל,
מיט די פינגער פאלט דער אלטער,
מיט די עלנבויגנס פאלט ער,
אַף א זייט ליגט ער אצינדערט,
אָט אזוי א־דורכצושווימען,
דורך די כוואַליעס דורכצורייסן.״

ענטפערט אים אזוי די מאמע:
״שלעכט האָסטו געטאָן איצט, זונע,
וואינאמאינענע׳ן צו שיסן,
און קאלעוואַ׳ס זון צו טרעפן,
אים, דעם העלד, פון סואָוואנטאָלאַ,
קאלעוואלאַ׳ס גרעסטן זינגער.״

# זיבעטע רונע

## וואינאמאָינען און די האַרין פון פּאָכיאָלא

וואינאמאָינען שווימט אַרום אין ברויזנדיקן ים ביז אַן אָדלער קומט און נעמט אים אַרויף אף זיינע פליגלען, און פליט מיט אים קיין פּאָכיאָלא. לאָוכי, די האַרין פון פּאָכיאָלא באַזאָרגט אים מיט אַ פערד, אָבער ער מוז איר צוזאָגן צו ברענגען דעם מייסטער אילמאַרינען, אַז ער זאָל פאַר איר אויסשמידן די סאַמפּאָ; דערפאַר וועט זי אים געבן איר שיינע טאָכטער פאַר אַ ווייב.



ון דער אלטער וואינאמאינען
שווימט אזוי דורך טיפע כוואליעס,
וואָגלט ווי א סאָסנע־צווייגל,
ווי אן אָפּגעפאלן צווייגל,
שווימט זעקס זומער־טעג כסדר,
שווימט זעקס נעכט אויך נאָכאנאנדער;

7טע
רונע

פאר זיך האָט ער וואסער־שטרעקעס,
איבער זיך — דעם קלאָרן הימל.

און ער שווימט צוויי נעכט נאָך ווייטער,
און צוויי טעג די סאמע לענגסטע,
ענדלעך, אַף דער ניינטער נאכט ערשט,
אכטער טאָג איז קוים אריבער,
הויבט דעם אלטן אָן צו נאָגן,
ער דערשפּירט א שטארקן ווייטיק:
פון די פינגער פעלן נעגל,
פון די גראָבע פינגער — גלידער.

הויבט דער אלטער וואינאמאינען,
ער אליין הויבט אָן צו ריידן:
„ווי איז מיר, דעם אָרימען מענטשן,
וואָס איך האָב מיין לאנד פארלאָזן,
פון מיין היים אוועקגעגאנגען,
שטענדיק דאָ ארומצובלאָנדזשען,
טאָג און נאכט אזוי צו שווימען,
אונטער פרייע הימלען וואָגלען,
און דער שטורעם זאָל מיך וואַרפן,
כוואליעס זאָלן מיך דאָ וויגן,
אַף די פרייע וואסער־ווייטן,
אַף די ברייטע וואסער־שטראָמען.
קאלט איז מיר אין ים צו לעבן,
און א ווייטיק דאָ צו בלייבן,
שטענדיק דאָ צווישן כוואליעס,
אַף די וואסערן צו וואָגלען.

„אז איך ווייס ניט ווי צו לעבן,
ווי איך זאָל זיך איצטער פירן,
איצטער, אין די שלעכטע צייטן,
אין די טעג פון גרויסן אומגליק:
צי מיין הויז אַף ווינט איצט בויען,
צי מיין שטוב אַף וואסער שטעלן?

„וועל איך אַף דעם ווינט איצט בויען —
וועט מיין הויז קיין אָנשפּאַר האָבן,
שטעל איך איצט מיין שטוב אַף
וואַסער —
וועט דאָס וואַסער זי פאַרטראָגן."

פליט פון לאַפּלאַנד אָן אַ פויגל,
פון דעם פינצטערלאַנד אַן אָדלער,
ניט דער גרעסטער פון די גרויסע
ניט דער קלענצסטער פון די קליינע,
אַז ער שלעפּט אין ים אַ פליגל,
גרייכט דער צווייטער אַזש צום הימל,
אַז ער שלעפּט זיין עק אין וואַסער,
פּיקט ער פעלזן מיט זיין שנאָבל.

פליט דער פויגל אום פּאַמעלעך,
פליט און קוקט, און בלייבט אָפּט שטייען,
און דערזעט דעם אַלטן זינגער
אַף די בלויע וואַסער־כוואַליעס:
„זאָג, וואָס טוסטו, העלד, אין וואַסער,
אַף די בלויע וואַסער־כוואַליעס?"

ענטפערט גלייך אים וואַינאַמאַינען,
ער אַליין הויבט אָן צו ריידן:
„ווייסטו וואָס איך טו אין וואַסער,
אַף די בלויע וואַסער־כוואַליעס?
קיין פּאָכיאָלאַ גיי איך איצטער,
דאָרט אַ מיידל צו געווינען.

„שנעל בין איך אַהין געלאָפן
איבער פעלדער, איבער ימים,
נאָר אין אַ פרימאָרגן איינמאָל,
אין אַ פריער מאָרגן־שטונדע,
איז ביי לואָטעלאָ׳ס בוכטע,
ביי דעם סאַמע שטראָם יאָוקאָלאָ׳ס,
פון אַ שאָס מיין פערד געפאַלן,
פון אַ פייל אַף מיר געצילעט.

„בין איך גלייך אַריינגעפאַלן
מיט די פינגער אין דעם וואַסער,
אַז דער שטורעם זאָל מיך וויגן,
כוואַליעס זאָלן מיך דאָ טרייסלען.

„קומט אַ שטורעם אָן פון מערב,
און אַ שטאַרקער ווינט פון מזרח,
טרייבט אַוועק מיך פון די ברעגן,
און ער טראָגט מיך ווייט און ווייטער,
און איך וואָגל טעג אַ־פולע,
און איך שווים אויך נעכט אַ־פולע
אַף די ווייטע וואַסער־שטרעקעס,
אַף די וואַסערן די פרייע,
און איך הויב ניט אָן צו וויסן,
ניט פאַרשטיין און ניט באַגרייפן,
וואָס איך זאָל אַצינד ערוואַרטן,
און פון וואָס איך וועל דאָ שטאַרבן:
צי איך וועל פון הונגער אויסגיין,
צי פאַרזינקען אין די טיפן."

זאָגט דער פויגל פון די הימלען:
„זאָלסט אַצינד זיך גאַרניט זאָרגן!
קריך אַרויף גלייך אַף מיין רוקן,
זעץ זיך אַף מיין עק אַנידער,
וועל איך דיך פון דאַנען טראָגן,
וואו דיין האַרץ וועט נאָר געלוסטן;
איך געדענק דעם טאָג נאָך איצטער,
איך דערמאָן זיך יענע צייטן,
ווען דו האָסט קאַלעוואַ׳ס וועלדער,
אָסמאָ׳ס וועלדלעך אָנגעצונדן,
און געשוינט בלויז די בערעזע,
יענעם שלאַנקען בוים געלאָזן,

וואו די פֿייגל זאָלן רוען,
איך אַליין זאָל קענען רוען."

הויבט דער אַלטער וואינאַמאינען,
הויבט זיין קאָפּ אַרויס פֿון וואַסער,
קריכט אַרויס פֿון ים גאַנץ מוטיק,
קלעטערט קרעפּטיק אַף די כוואַליעס,
זעצט זיך אַף דעם אַדלערס פֿליגל,
אַף דעם עק פֿון ריזן־פֿויגל.

נעמט דער הימל־פֿויגל טראָגן
אים, דעם אַלטן וואינאַמאינען,
טראָגט אים, וואו די ווינטן ציען,
וואו עס ציען פֿרילינג־ווינטן,
צו די גרענעצן פֿון פּאָכיאַ,
צו דעם טריבן סאַריאָלאַ,
און ער לאָזט אַראָפּ דעם אַלטן,
און ער פֿליט און רוישט שוין ווייטער.

הויבט דער אַלטער וואינאַמאינען,
הויבט ער אָן צו וויינען־קלאָגן,
ביי דעם זוים פֿון ים דעם ווייטן,
ביי די אומבאַקאַנטע ברעגן,
און זיין זייט מיט הונדערט וואונדן
ווערט געבייטשט פֿון טויזנט ווינטן,
און די באָרד — באַדעקט מיט בלאָטע,
און די האָר פֿון קאָפּ צעשויבערט.

וויינט ער צוויי נעכט און אַ דריטע,
און ער וויינט אויך טעג אַזוי פֿיל,
און ער ווייסט ניט, וואו צו גייען,
קאָן קיין שטעג זיך ניט געפֿינען,
וואָס זאָל אים אַהיים איצט פֿירן,
צו אַ גרעניץ אַ באַקאַנטן,
צו דעם אַפּשטאַם־לאַנד צו זיינעם,
וואו ער האָט געלעבט ביז איצטער.

און דאָס דינסטמיידל פֿון נאָרדלאַנד,
זי, דאָס בלאָנדע שיינע מיידל,
האָט זיך מיט דער זון פֿאַרוואָטן,
מיט דער זון און דער לבֿנה,
גלייך צו אויפֿשטיין אין פֿרימאָרגן,
גלייך פֿון שלאָף זיך אויפֿצוכאַפּן,
נאָר זי פֿלעגט נאָך פֿריער אויפֿשטיין,
פֿאַר דער זון און דער לבֿנה,
איידער נאָך דער האָן פֿלעגט קרייען,
פֿריער ווי די הינער קוואָקען.

האָט זי פֿינף שאָף אָפּגעשוירן,
פֿון זעקס לעמער וואָל געשניטן,
פֿאַר אַ שאַל שוין וואָל געזאַמלט,
פֿאַר אַ קלייד שוין אָפּגעקליבן,
איידער נאָך דער טאָג נעמט גרויען,
פֿריער ווי די זון נעמט אויפֿגיין.

נאָכדעם וואַשט זי אָפּ די טישן,
און זי קערט אויס אַלע דילן
מיט אַ בעזימל פֿון ריטלעך,
מיט אַ בעזימל פֿון בלעטלעך,
שאַרט אַרויף דאָס מיסט אינגאַנצן
אַף דער לאָפּעטקע פֿון קופּער,
און זי טראָגט עס אינדערויסן,
טראָגט עס דורך דער טיר צום גאָרטן,
צו דעם לעצטן פּלויט פֿון גאָרטן,
דאָרטן וואַרפֿט זי עס אין גראָזן,
נאָכדעם בלייבט זי שטיין אַביסל,
הערט זיך איין און דרייט זיך אויס גלייך,
און דערהערט פֿון ים געוויינען,
הערט אַ יאָמער פֿון די ברעגן.

לאָזט זי זיך אַהיים גלייך לויפֿן,
און זי לויפֿט אַריין פֿאַרסאָפּעט,
און זי הויבט גלייך אָן דערציילן,

הויבט אזוי דאָרט אָן צו ריידן:
"כ'האָב געהערט פון ים געוויינען,
און א יאָמער פון די ברעגן."

לאָוכי, האַרין פון פּאָכיאָלא,
די אַנציינערדיקע זקנה,
לאָזט אין הויף אריין זיך לויפן,
איילט צום טירל פון דעם טויער,
און זי שטרענגט זיך אָן צו הערן,
און זי רעדט אזוינע ווערטער:
"נישט אזוי דאָך וויינען קינדער,
נישט אזוי אויך קלאָגן ווייבער,
אָט אזוי נאָר וויינען העלדן,
מענער שוין מיט בערד באוואַקסן."

שפּאַרט זי אָפּ פון ברעג דאָס שיפל,
דאָס דריי־ברעטערדיקע שיפל,
און זי נעמט אליין דעם רודער,
און זי שיפט זיך צו אין שיפל
צו דעם אַלטן וואינאמאָינען,
צו דעם העלד וואָס וויינט א־דאָרטן.

זי געפינט אים, וואינאָ'ן, וויינען,
טרעפט דעם פריינט פון כוואַליעס קלאָגן
צווישן טריבע ווערבע־בושן
און געדיכטע ווינשל־ביימלעך,
ציטערט ביי אים ס'גאַנצע פּנים,
נאָר ער האַלט פאַרקלעמט די ליפּן.

זאָגט די האַרין פון פּאָכיאָלא,
און זי הויבט אזוי אָן ריידן:
"אוי, דו אַלטיטשקער, אַן אומגליק!
אין דער פרעמד האָסטו פאַרבלאָנדזשעט!"

און דער אַלטער וואינאמאָינען
טוט א הויב זיין קאָפּ און ענטפערט,
הויבט אזוי צו איר אָן ריידן:
"יאָ, איך זע — איך האָב פאַר־
בלאָנדזשעט;
ס'איז אין ד'רהיים געווען מיר בעסער,
איך בין דאָרט געווען גרעסער."

זאָגט די האַרין פון פּאָכיאָלא,
נעמט אזוי צו אים זיך ריידן:
"כ'וואָלט געוואָלט גאָר שטאַרק איצט
וויסן,
אויב ס'איז נאָר דערלויבט צו פרעגן:
פון א־וועלכע מענער שטאַמסטו,
פון א־וועלכע העלדן קומסטו?"

ענטפערט גלייך איר וואינאמאָינען
און ער הויבט אזוי אָן ריידן:
"פריער האָט מען מיך גערופן,
און באַטראַכט האָט מען מיך שטענדיק,
ווי דערפרייער פון דעם אָוונט,
ווי דעם זינגער פון די טאָלן,
אָף די פעלדער פון וואינאָלא,
אָף די קאַלעוואלא־פליינען;
אָבער איצטער, אין מיין עלנט,
קאָן איך מער זיך ניט דערקענען."

זאָגט די האַרין פון פּאָכיאָלא,
הויבט צו אים אזוי אָן ריידן:
"הויב זיך אויף איצט פון די זומפּן,
קום, באַטריט די נייע סטעזשקע,
און דערצייל מיר פון דיין אומגליק,
קום, דערצייל מיר פון דיין גורל."

און זי נעמט אים איין פון וויינען,
און זי שטילט אים איין פון קלאָגן,
פירט אריין אים אין איר שיפל
און זי זעצט אים דאָרט אנידער,

און זי נעמט זיך גלייך צום רודער,
רודערט מיט דעם גאנצן כוח,
און זי פירט אים קיין פּאָכיאָלא,
פירט דעם פרעמדן אין איר שטיבל,
גיט אים עסן, דעם פארשמאכטן,
טריקנט אים די נאסע קליידער,
ווארימט אים א צייט א לאנגע,
ווארימט און צעבלאָזט דאָס פייער;
ווערט דער אלטער שנעל געגעזן,
ווערט דער העלד געזונט אינגאנצן,
הויבט אים לאָוכי אָן צו פרעגן,
הויבט אזוי צו אים אָן ריידן:
„זאָג, פארוואָס, אָ, וואינאמאָינען,
האָסטו שטארק געוויינט א־פריער
ביי דעם ראנד פון ים דעם טריבן,
אױף די אומבאקאנטע ברעגן?"

ענטפערט גלייך איר וואינאמאָינען
און ער הויבט אזוי אָן ריידן:
„אוי, האָב איך אױף וואָס צו קלאָגן:
לאנג בין איך אין ים געשוואומען,
און געשטויסן דאָרט פון כוואליעס,
אױף די גרעניצלאָזע שטראָמען.

„כ'וועל דאָס גאנצע לעבן וויינען,
קיינמאָל אויפהערן צו קלאָגן,
וואָס איך האָב מיין לאנד פארלאָזן,
פון מיין היים אוועקגעפאָרן,
כ'זאָל צו פרעמדע טירן קומען,
צו אן אומבאקאנטן טויער;
יעדער בוים דאָ ברענגט מיר ווייטיק,
יעדע סאָסנע־נאָדל שטעכט מיך,
יעדע אָלכע מאכט מיר וואונדן,
נאָר דער ווינט איז צו מיר פריינטלעך,
נאָר די זון טוט אױף מיר שיינען
אין דעם אומבאקאנטן געגנט,
ביי די טירן ביי די פרעמדע."

זאָגט די הארין פון פּאָכיאָלא,
הויבט צו אים אזוי אָן ריידן:
„זאָלסט ניט וויינען, וואינאמאָינען,
קלאָג ניט מער, פריינט פון כוואליעס!
דאָ איז גוט פאר דיר צו בלייבן,
קענסט דאָ זייער גוט פארברענגען,
וועסט פון טעלער לאקס־פיש עסן,
און מיט פעטן פלייש פארבייסן."

זאָגט דער אלטער וואינאמאָינען,
ער אליין הויבט אָן צו ריידן:
„כ'האָב ניט ליב קיין פרעמדע שפייזן
אין דער בעסטער שטוב דער פרעמדער;
אין דער היים איז שטענדיק בעסער,
דאָרטן שטייט א־יעדער העכער,
העלף מיר, גוטער גאָט אין הימל,
דו באשעפער, פול מיט ליבשאפט,
אז איך זאָל א־היים נאָך קומען,
צו מיין לאנד נאָך גיך דערגרייכן!
בעסער איז אין אייגענעם לאנד
פון א שטיוול וואסער טרינקען,
ווי אין ווייטן לאנד אין פרעמדן
— האָניק פון א גאָלדענעם לעפל."

זאָגט די הארין פון פּאָכיאָלא,
און זי הויבט אזוי אָן ריידן:
„זאָג, וואָס וועסטו מיר דען געבן,
ווען איך וועל א־היים דיך ברענגען,
צו דעם זוים פון דיינע פעלדער,
צו דער סאמע באָד אין דערפל?"

ענטפערט גלייך איר וואינאמאָינען:
„זאָג אליין, וואָס ווילסטו האָבן,
ווען דו וועסט א־היים מיך ברענגען
צו דעם זוים פון מיינע פעלדער,
כ'זאָל דעם קוקוק ווידער הערן,
דאָס געזאנג פון פייגל הערן?

אפשר ווילסטו גאָלד א היטל,
צי א פולע היטל זילבער ?״

זאָגט די האַרין פון פּאָכיאָלא,
נעמט צו אים אזוי גלייך ריידן :
״אַי, דו קלוגער וואינאמאינען,
פיל־באַרימטער העלד און זינגער !
ניט קיין גאָלד וויל איך אַצינדערט,
און איך דאַרף גאָר ניט קיין זילבער :
גאָלד איז פאר א קינד א שפּילצייג,
זילבער — פאר די פערד א צירונג ;
אויב דו קענסט די סאַמפּאָ שמידן,
אויסקאָוועז דאָס שיינע דעקל
בלויז פון שוואַנען פעדער־שפּיצן,
פון א טראָפּן קיען־מילעך,
פון א קערנדל פון גערשטן,
און פון שאָפּן־וואָל אביסל,
גיב איך דיר אוועק מיין מיידל,
גיב איך דיר מיין ליבסטע טאָכטער,
און איך וועל א־היים דיך ברענגען,
וועסטו דאָרט דעם קוקוק הערן,
דאָס געזאַנג פון פייגל הערן,
ביי דעם זוים פון דיינע פעלדער.״

הויבט דער זינגער וואינאמאינען,
הויבט ער אָן אזוי צו ריידן :
״כ׳קאָן קיין סאַמפּאָ דיר ניט שמידן,
כ׳קאָן דאָס דעקל דיר ניט קאָוועז,
אויב דו וועסט א־היים מיך ברענגען,
וועל איך שיקן אילמאַרינען׳עז,
ער זאָל אויסשמידן די סאַמפּאָ,
דאָס קאָלירטע דעקל קאָוועז,
צו געווינען דאָ דיין טאָכטער,
און דיין ליבסטע צו באַגליקן.

״ס׳איז ניטאָ צו אים קיין גלייכן,
קיינער קאָן אזוי ניט קאָוועז ;
ער האָט אויסגעשמידט די הימלען,
און דעם דאַך פון לופט געהאַמערט,
ניט געלאָזט קיין האַמער־שפּורן,
ניט געלאָזט קיין שפּור פון צוואַנגען.״

הויבט די האַרין פון דעם נאָרדלאַנד,
הויבט אזוי צו אים אָן ריידן :
״כ׳גיב מיין טאָכטער נאָר צום מענטשן,
כ׳זאָג מיין קינד צו בלויז צו יענעם,
וואָס וועט אויסשמידן די סאַמפּאָ,
וואָס וועט אויסקאָוועז דאָס דעקל
פון די שוואַנען פעדער־שפּיצן,
פון א טראָפּן קיען־מילעך,
פון א קערנדל פון גערשטן,
און פון שאָפּן־וואָל אביסל.״

און זי לאָזט זיך גיין צום אָגער,
און זי שפּאַנט אים איין אין שליטן,
זעצט דעם אַלטן וואינאמאינען,
זעצט דעם העלד אריין אין שליטן,
און זי הויבט אזוי אָן ריידן,
און זי לאָזט אזוי זיך הערן :
״זאָלסט דיין קאָפּ ניט הויבן העכער,
דריי זיך ניט אַף אומצוקוקן,
ביז דאָס פערד וועט מידקייט פילן,
ביז ס׳וועט אָנקומען דער אָוונט ;
וועסטו הינטער זיך א קוק טאָן,
וועט אן אומגליק מיט דיר טרעפן,
עפּעס שלעכטס וועט נאָך פּאַסירן.״

טוט דער אַלטער וואינאמאינען
לייכט א שמייס דעם פערד אין רוקן,
הויבט דאָס פערד זיך אָן צו יאָגן,
רוישט און לויפט אַלץ ווייטער, ווייטער,
פון דעם פינצטערן פּאָכיאָלא,
פון דעם נעפּלידקן נאָרדלאַנד.

# אכטע רונע

## וואינאמאָינען צעבלוטיקט זײַן קני

וואינאמאָינען דערזעט ווי אַ שיינע מיידל זיצט אף דעם בלויען הימלבויגן און וועבט פון גאָלד געוועבן; ער בעט זי׳ אַראָפּצוגיין און זיך זעצן מיט אים אין שליטן, אָבער זי וויל ניט. ענדלעך שטימט זי צו, אויב ער וועט איר מאַכן אַ שיפל פון אַ ווערעטענע־שפּליטער, עס אָפּלאָזן אפן וואַסער, און דערביי זיך צו דעם אַפילו ניט צורירן. וואינאמאָינען נעמט זיך צו דער אַר־בעט די האַק שפּרינגט אָפּ און מאַכט אים אַ וואונד אין קני. ער גייט אָפּ מיט בלוט. ער לאָזט זיך זוכן ערגעץ אַ רפואה — אַ כישוף־שפּרוך — צו האַמעווען דאָס בלוט.



ון פּאַכיאַלאַ׳ס שיינע מיידל,
ציר פון ים און פון יבשה,
איז געזעסן אין דער לופטן
אַף דעם בלויען הימלבויגן,
אויסגעפּוצט אין שיינע קליידער,
און געוועבט פון גאָלד געוועבן,
איינגעוועבט אויך זילבער־פעדים.
לויטער גאָלד ביי איר דאָס שפּולכל,
און איר וועב־קאַם איז פון זילבער.

פליט איר פלינק פון האַנט דאָס שפּולכל,
און עס רוישט דער קאַם פון זילבער,
און די פעדים־ציער לויפן
ביים געוועב פון שיינעם מיידל,
ביים געוועב פון גאָלד און זילבער.

און דער זינגער וואַינאַמאָינען
טרייבט זיין אָגער שנעל און ראַשיק
פון דער פינצטערער פּאַכיאַלאַ,
פון דעם נעפּל סאַריאַלאַ׳ס.
ווי ער פאָרט נאָר אַף אַביסל,
פאָרט נאָר אַף א קורצע שטרעקע,
הערט ער עפּעס שפּול־גערוישן
זשומען איבערן קאָפּ אים אויבן.

הויבט ער אויף זיין קאָפּ צום הימל
און דערזעט דעם בלויען בויגן,
און א מיידל אַף דעם בויגן
זיצט און וועבט פון גאָלד געוועבן,
וועבט אריין אויך זילבער־פעדים.
נעמט דער אַלטער וואַינאַמאָינען
און שטעלט אָפּ זיין פערד און שליטן,
און ער הויבט אָן גלייך צו ריידן,
טוט אזוי צו איר זיך ווענדן:
„מיידל, קום אריין אין שליטן,
זעץ דיך ביי מיין זייט אַנידער.”
לאָזט דאָס מיידל גלייך זיך הערן
און זי ענטפערט מיט א פראַגע:
„צוליב וואָס זאָל איך אראָפּגיין
זיך צו זעצן אין דיין שליטן?”

ענטפערט גלייך איר וואַינאַמאָינען
און הויבט אָן אזוי צו ריידן:
„ווייסט נאָך וואָס דו זאָלסט אראָפּגיין,
זיך אין שליטן מיט מיר זעצן?
זאָלסט מיר האָניק־ברויטלעך באַקן,
שוימיק ביר פאַר מיר פאַרגרייטן,
זאָלסט ביים טיש מיר פריילעך זינגען,
פריידיק שמועסן ביי דעם פענצטער
אין מיין וואוינונג אין וואַינאָלאַ,
אין די קאַלעוואַלאַ־הויפן.”

ענטפערט גלייך אים אַף דאָס מיידל,
און זי הויבט אזוי אָן ריידן:
„כ׳האָב שפּאַצירט צווישן בלומען,
איבער געלבע בלומען־פעלדער,
ס׳איז געווען ערשט נעכטן אָוונט,
הער איך דאָרט א פייגעלע זינגען,
הער א דראָסל פון א צווייגל
וועגן מיידל׳ס גורל זינגען,
וועגן יונגער ווייבלס מזל.

„ווענד איך זיך צום גוטן פייגעלע
און הויב אָן אזוי צו ריידן:
׳זאָג מיר, פייגעלע, זאָג מיין טייערס,
כ׳וויל פון דיר אליין דאָס הערן:
וואָס איז בעסער פאַר דעם מיידל,
וואָס איז מערער אָנגענעמען —
לעבן ביי דעם אייגענעם טאַטן,
צי אלס ווייב ביים מאַן אין וואוינונג?׳

„גיט דאָס פייגעלע מיר אַן ענטפער
און עס לאָזט אזוי זיך הערן:

׳ווארעם איז דער טאָג אום זומער,
נאָר א מיידל זיין איז ווארעמער.
זייער קאלט איז אייזן ווינטער,
קעלטער נאָך דעם ווייבלס מזל.
ביי דעם טאטן לעבט זיין טאָכטער,
ווי א יאגעדע אין גאָרטן,
נאָר ביים מאן דאָס יונגע ווייבל
לעבט געקאָוועט ווי אין קייטן,
זעלטן ווייזט מען גנאָד צו דינער,
צו א יונגער ווייבל — קיינמאָל.׳ ״

הויבט דער אלטער וואינאמאָינען
פון דאָס ביי אזוי אָןריידן:
״פייגל פישטשען שטענדיק נאריש,
און וואָס קאָן א דראָסל וויסן ? !
א באטרעף איז שטוב א טאָכטער !
זי ווערט חשוב ערשט אלס ווייבל.
קום צו מיר אין שליטן, מיידל !
זעץ דיך ביי מיין זייט אנידער,
דארפסט מיט מיר זיך גאָר ניט שעמען,
כ׳בין פון העלדן ניט דער מינדסטער.״

ענטפערט קלוג אים אָפּ דאָס מיידל,
און זי הויבט אזוי אָן ריידן:
״ווייסטו ווען דו ועסט א העלד זיין,
ווען איך וועל אלס מאן דיך האלטן ?
ווען דו וועסט א האָר צעשפּאלטן
מיט א ניט־געשארפטן מעסער,
ווען דו וועסט אן איי פארקניפּן
און מען זאָל דעם קנופּ ניט אָנזען.״

און דער אלטער וואינאמאָינען
האט א האָר דאָ גלייך צעשפּאָלטן
מיט א ניט־געשארפטן מעסער,
און אן איי אזוי פארבונדן,
אז מען זאָל דעם קנופּ ניט אָנזען.

ווידער בעט ער זי אין שליטן,
בעט איר נעבן אים זיך זעצן.

ענטפערט קלוג אים גלייך דאָס מיידל :
״קיינמאָל גיי איך ניט אין שליטן,
ביז דו וועסט א שטיין צושיילן,
און פון אייז א בייטשל מאכן,
דאָך קיין שפּריצל ניט צעווארפן,
און קיין שטויבעלע פארלירן.״

און דער אלטער וואינאמאָינען
טראכט אפילו ניט א רגע,
און ער נעמט א שטיין צעשיילן,
שניצט פון אייז גלייך אויס א בייטשל,
און צעווארפט קיין איינציק שפּריצל,
ניט א שטויבעלע אפילו,
רופט דאָס מיידל אין זיין שליטן,
רופט איר נעבן אים זיך זעצן.

ענטפערט קלוג אים גלייך דאָס מיידל
און זי הויבט אזוי אָן ריידן :
״איך וועל גיין א־נאָר צו יענעם,
ווער עס וועט א שיפל מאכן
פון די שפּליטער פון מיין שפּינדל
און דאָס אָפּלאָזן אין וואסער,
אָף דעם רוקן פון די כוואליעס,
נאָר ניט שטויסן מיט דער קניע,
מיט קיין האנט עס ניט א ריר טאָן,
ניט א צי טאָן מיט קיין אקסל.״

זאָגט דער אלטער וואינאמאָינען
און הויבט אָן אזוי צו ריידן :
״קיינער איז קיין איין מדינה
אונטער דעם געוועלב פון הימל
קאָן מיט מיר זיך ניט פארגלייכן,
קאָן ווי איך קיין שיפל מאכן,
און ער כאפּט די שפּינדל־שפּליטער,

נעמט פון וועב־שיפל די שטיקלעך,
און ער הויבט א שיף אַן בויען,
קלאַפּט צוזאַמען הונדערט ברעטער
אף דעם אייזנבארג דעם הויכן,
אף די אָנגעשטאַלטע פעלזן.

און ער בויט דאָס שיפל פלייסיק,
ארבעט איין טאָג און א צווייטן,
און ער ארבעט אָפּ א דריטן,
רירט קיין שטיין ניט מיט זיין העקל,
רירט דערמיט ניט אָן די פעלזן.

ענדלעך, אף דעם טאָג דעם דריטן
טוט א שפּאַר דאָס העקל היסי,
לעמפּאָ טוט א שטעל די שאַרף אָן,
און ער טוט א שטויס מיט כּוח,
ווערט דאָס העקל צוגעשטויסן
צו די אָנגעשטאַלטע פעלזן.
שפּרינגט דאָס העקל אָפּ פון אייזן,
שפּרינגט אין פלייש אריין פון וואינאַ׳ן,
היסי שניידט אים זיינע אָדערן,
און עס פלייצט דאָס בלוט אין שטראָמען,
גיסט זיך מיט דעם גאַנצן כּוח.

און דער זינגער וואינאַמאָינען,
ער דער אוראַלטער מכשף,
הויבט זיין שטים אויף גלייך צו ריידן,
און ער זאָגט אַזוינע ווערטער:
„אי, דו האַק פון שאַרפן אייזן,
אי, דו בייזע, שטאָל־געבלאַנקטע!
האָסט א בוים געוואָלט צעשפּאַלטן,
צי א סאָסנע אָפּצוהאַקן,
צי א טאַנענבוים פארשניידן,
א בערעזע אונטערהאַקן,
און האָסט גאָר מיין פלייש צעשניטן,
מיינע אָדערן צעריסן.“

און דער אַלטער נעמט באַשפּרעכן,
הויבט אָן זאָגן כּישוף־שפּרוכן,
ער דערמאָנט זיך אַלטע ווערטער,
ער האָט אָבער גאָר פארגעסן,
ווי דאָס אייזן צו באַשפּרעכן,
ווי מיט וואָרט א וואונד פארבינדן,
ווי פון וואָרט א שלאָס צו מאַכן,
ווי צו שליסן טיפע וואונדן
פון דער בייזער האַק פון אייזן,
פון דער שטאָל־שאַרף פון דער בלויער.

און עס פליסט שוין בלוט אין שטראָמען,
און די שטראָמען רוישן, ברויזן
און פארפלייצן יאַגעדע־בושן,
און די קרייטער אף די פעלדער,
ס׳איז קיין גרעזל ניט געבליבן —
אַלץ איז צוגעדעקט מיט בלוטן,
אַלץ פארפלייצט שוין פון די שטראָמען,
שטראָמען בלוט פון וואינאַ׳ס קניע,
פון דעם גראָבן פינגער וואינאַ׳ס.

קלייבט דער אַלטער וואינאַמאָינען,
קלייבט צוזאַמען ווייכע קרייטער,
רייסט דעם פייכטן מאָך פון שטיינער,
שאַרט צוזאַמען זאַמד פון בערגלעך
און ער פּרוּווט זיין וואונד פארשטאָפּן,
וויל דערמיט די לאָך פארשטעלן,
נאָר ער קאָן דאָס בלוט ניט שטילן,
קאָן די שטראָמען ניט פארהאַלטן,
און די וואונד הויבט אָן אים ווי טאָן
אַלע ווילע שטאַרקער, ערגער.
הויבט ער אָן שוין אַזש צו וויינען,
שפּאַנט דעם אָגער איין אין שליטן,
און ער זעצט זיך קוים אַנידער.

טוט דער אַלטער וואינאַמאָינען
מיט זיין בייטש א שמיץ דעם אָגער,

און דער אָגער לאָזט זיך לויפֿן,
און ער טוט א טראָג דעם שליטן
ביז זיי קומען צו א דערפֿל,
וואו עס ציען זיך דריי שליאכן.

פֿאָרט דער אלטער וואינאמאָינען
מיט דעם הינטער־וועג א־פֿריער
צו דעם סאמע לעצטן שטיבל,
און ביים שוועל הויבט ער אָן פֿרעגן:
"צי געפֿינט זיך דאָ ניט איינער,
וואָס פֿארהיילט א וואונד פֿון אייזן,
קאָן דעם העלד זיין ווייטיק שטילן,
אים באפֿרייען פֿון די שמערצן?"

זיצט אף דער ערד א קליינער אינגל,
גאָר א קינד נאָך זיצט ביים אויוון,
הויבט עס אָן אזוי צו ריידן:
"ס'איז אין שטוב ניטאָ קיין איינער,
וואָס פֿארהיילט א וואונד פֿון אייזן,
זאָל דעם העלד זיין ווייטיק שטילן,
אים באפֿרייען פֿון די שמערצן,
אים די שטראָמען בלוט פֿארהאלטן.
טו א פֿאָר צום צווייטן שטיבל,
אפֿשר וועסטו וועמען טרעפֿן."

און דער אלטער וואינאמאָינען
טוט א לייכטן טרייב זיין אָגער,
און דער שליטן יאָגט שוין ווידער.
פֿאָרט ער אָפּ א קורצע שטרעקע
אף דעם מיטל־וועג שוין איצטער,
פֿאָרט צום שטיבל פֿונקט אין מיטן
און הויבט אָן ביים שוועל צו פֿרעגן:
"צי געפֿינט זיך דאָ ניט איינער,
וואָס פֿארהיילט א וואונד פֿון אייזן,
קאָן דעם העלד זיין ווייטיק שטילן,
אים באפֿרייען פֿון די שמערצן?"

ביי דעם אויוון ליגט א זקנה,
ווארימט זיך און פּלוידערט דאָרטן,
האלט אין טשמאָקען דורך דריי ציינער
און זי הויבט אזוי אָן ריידן:
"ס'איז אין שטוב נישטאָ איצט קיינער,
וואָס פֿארהיילט א וואונד פֿון אייזן,
זאָל דעם העלד זיין ווייטיק שטילן,
אים באפֿרייען פֿון די שמערצן,
טו א פֿאָר צום צווייטן שטיבל,
אפֿשר וועסטו וועמען טרעפֿן."

טוט דער אלטער וואינאמאָינען,
טוט א לייכטן טרייב זיין אָגער,
און דער שליטן יאָגט שוין ווידער,
נאָר ער פֿאָרט שוין אף דעם הויפּט־וועג,
לאָזט זיך צו דעם גרעסטן שטיבל,
און הויבט אָן ביים שוועל צו פֿרעגן:
"צי געפֿינט זיך דאָ נישט איינער,
וואָס פֿארהיילט א וואונד פֿון אייזן,
קאָן דעם העלד זיין ווייטיק שטילן,
אים באפֿרייען פֿון די שמערצן?"

זיצט א זקן אף דעם אויוון,
אלט און גרוי, שוין איינגעבויגן,
קריכט ער גלייך אראָפּ פֿון אויוון
און ער הויבט אזוי אָן ריידן:
"מ'האָט געצוימט שוין גרעסערע שטראָמען,
און שוין ווילדערע באצוואונגען
דורך דריי ווערטער פֿון באשעפֿער,
דורך דעם אורשפּרונג־וואָרט דעם שטארקן;
מ'האָט געצוימט שוין גאנצע טייכן,
און באצוואונגען גאנצע ימים,
און אויך ווילדע וואסערפֿאלן,
לאנד מיט לאנד האָט מען פֿארבונדן."

# נײַנטע רונע

## דער אַלטער הײלט די קני

װאַינאַמאָינען דערצײלט דעם אַלטן מאַן די לע־
גענדע װעגן אורשפּרונג פֿון אײזן. דער זקן פֿאַר־
שפּרעכט דאָס אײזן און האַמעװעט די בלוטן.
װאַינאַמאָינעניס װאונד פֿאַרהײלט זיך, און ער
דאַנקט גאָט (יומאַלאַין) פֿאַר זײַן הילף.



וט א הויב זיך וואינאמאַינען
און ער שטעלט זיך אויף אין שליטן,
קיינער האלט אים איצט ניט אונטער,
און ער שפּרינגט אראָפּ פון שליטן,
גייט א־דורך דעם הויף אינגאנצן
און ער קומט אריין אין שטיבל.

טראָגט מען צו א זילבער בעקן,
ברענגט מען גלייך פון גאָלד א קריגל,
נאָר עס קלעקן ניט די כלים
פאר דעם גרויסן שטראָם פון בלוטן,
פאר דעם בלוט וואָס האלט אין פליסן
פון דער וואונד פון וואינאמאַינען.

הויבט דער אלטער פון דעם אויוון
לאנגזאם אָן צו טשמאָקען־ריידן:
„זאָג, פון וועלכע מענטשן קומסטו,
פון א־וועלכע העלדן שטאמסטו?
זיבן שיפן פול מיט בלוטן,
אכט שוין פון די גרעסטע צעבערס
איז פון קני דיר אָפּגערונען,
אף דער ערד אראָפּגעפלאָסן.
כ'קאָן א־פולע אנדערע ווערטער,
נאָר געדענק שוין ניט דאָס עלטסטע,
פון דעם אָנהויב פון דעם אייזן,
פון מעטאל דאָס ערשטע וואקסן."

ענטפערט גלייך אים וואינאמאַינען,
ער אליין הויבט אָן צו ריידן:
„כ'ווייס פון אייזן וואויל דעם אָנהויב,
און פון ארץ דאָס ערשטע וואקסן:
לופט איז גאָר די ערשטע מוטער,
וואסער איז דער עלטסטער ברודער,
אייזן איז דער סאמע אינגסטער,
און דער מיטלסטער איז פייער.

„אוקקאָ, ער, דער גאָט דער העכסטער,
דער באשעפער פון די הימלען,
האָט פון לופט געשיידט דאָס וואסער,
און פון וואסער — די יבשה
איידער אייזן איז געבוירן,
איידער ארץ איז נאָך געוואקסן.

„אוקקאָ, ער, דער גאָט פון אויבן,
דער באשעפער פון די הימלען,
נעמט אמאָל די הענט זיך ציען,
רייבן איינע אָן דער צווייטער,
אף זיין לינקער קניע דריקן,
קומען אָן דריי שיינע מיידלעך,
מאמעס פון דעם אייזן־זשאווער,
פון בלוי־מויליק שטאָל די אמען.

„נעמען זיי זיך וואקלעך־גייען,
נעמען שפּאנען אף די וואָלקנס,
מיט די בריסטן פול צום פּלאצן
און א ווייטיק אין די ווערצלעך,
און עס הויבט די מילך אָן רינען,
אף דער ערד אראָפּצופליסן,
איבער פעלדער, איבער זומפּן,
איבער דרימלענדיקע כוואליעס.

„פליסן שווארצע מילעך־טראָפּנס
פון דער עלטסטער מיידלס בריסטן,
ווייסע מילעך שטראָמט ארונטער
פון דער צווייטער מיידלס בריסטן,
פון דער דריטער, גאָר דער אינגסטער,
פליסט ארונטער רויטע מילעך.

„פון די שווארצע מילעך־טראָפּנס
איז ארויס דאָס ווייכע אייזן,
וואו די ווייסע איז געפאלן,
דאָרט איז הארטער שטאָל געוואָרן,
פון די רויטע מילעך־טראָפּנס
איז געקומען ברוכיק אייזן.

"בלויז א ווילע איז פארפלאסן,
וויל דאס אייזן שוין צו־גאסט גיין
אף באזוך צום ליבן ברודער,
צו באקאנען זיך מיט פייער.

"נאר דאס פייער פלאמט און פלאקערט,
ברויזט מיט אלע זיינע כוחות,
וויל דעם ברודער גלייך פארברענען,
וויל דאס אייזן גאר פארלענדן.

"הויבט דאס אייזן אן צו לויפן,
זיך צו ראטעווען, באהאלטן
פון די הענט פון בייזן ברודער,
פון דעם פלאמיק מויל פון פייער.

"און דאס אייזן לויפט אלץ ווייטער,
איילט און זוכט זיך צו באהאלטן
אין די שאקלענדיקע זומפן,
אין די שפרודלענדיקע קוואלן,
אף די ברייטע וויסטע פלאכן,
אף דעם רוקן פון די פעלזן,
וואו די שוואנען לייגן אייער,
וואו עס בריען גענדז אויס אייער.

"און דאס אייזן ליגט באהאלטן
אין די זומפן אונטער וואסער,
ליגט צוויי יאר אזוי באהאלטן,
בלייבט א דריט יאר נאך פארבארגן
צווישן ווארצלען פון צווייביימער,
אונטער דריי בערעזע־ווארצלען,
דאך איז אייזן ניט אנטרונען
פון די ווילדע הענט פון ברודער,
און א צווייטן מאל געוואנדערט
צו דעם שטיבל פון דעם פייער
דארט צו קאווען אים אין שפיזן,
שמידן אים אין שווערדן דארטן.

"לויפן וועלף אום אף די זומפן,
פון די וועלדער קומען בערן,
וועלף צעבויטען שטארק די זומפן,
בערן טרייסלען אויף די בלאטעס.
וואו א וואלף איז נאר געלאפן,
דארט ארויסגעשפארט האט אייזן,
וואו א בער האט נאר געטראטן,
האט זיך גלייך דארט שטאל באוויזן.

"אילמארינען ווערט געבוירן,
ווערט געבוירן, הויבט אן וואקסן,
אף א קוילנבארג געבוירן,
אף א קוילנפעלד געוואקסן,
מיט א העמערל פון קופער,
שטענדיק מיט א קופער־צווענגל.

"ערשט אין מיטן נאכט געבוירן,
און ביי טאג ער בויט א קוזניע,
זוכט א פלאץ שוין אף צו קאווען,
וואו דעם בלאז־זאק אויפצושטעלן.
זעט ער שטרייפן אף די זומפן,
בערגלעך זעט ער אין די בלאטעס,
לאזט ער גלייך זיך זיי באקוקן,
פון דער נאענט זיי באטראכטן,
שטעלט דארט אויף גלייך זיך א בלאז־
זאק,
דארטן שטעלט ער זיין קאוואדלע.

און ער לאזט זיך גיין נאך וועלף־טריט,
אף דעם שפור פון בערן־לאפעס,
און דערזעט די אייזן שפראצלעך,
זעט פון שטאל די בלויע ריטלעך
אין די טיפע וועלף־טריט שפורן,
אין די ברייטע טריט פון בערן.

"און ער הויבט אזוי אן ריידן:
'אוי, דו ארעם, טייער אייזן!
זייער שלעכט ביסטו פארקראכן,
און דו ליגסט דא זייער נידעריק,

וואו עס לויפן וועלף כסדר,
וואו עס קריכן אום די בערן.׳ ״

״הויבט ער אָן צו קלערן־טראַכטן:
וואָס קאָן ווערן פון דעם אייזן,
ווען איך וואַרף עס אין דעם פייער,
אין דעם סאַמע קוזניע־אויוון?

״שרעקט זיך איבער שטאַרק דאָס אייזן,
נעמט אַזש ציטערן פאַר פּחד,
ווען עס הערט דערמאָנען פייער,
הערט אַרויסריידן דאָס שרעק־וואָרט.

״זאָגט דער קאָוואַל אילמאַרינען:
׳דאַרפסט זיך גאָר ניט שרעקן, אייזן,
פייער וועט קיין פריינט ניט ברענען,
ניט באַשעדיקן קיין קרוב,
קום אין שטיבל צו דעם פייער,
צו די איינגעדעקטע פלאַמען,
דאָרטן וועסטו שענער וואַקסן,
דאָרטן וועסטו ווערן שטאַרקער,
פאַר א מאַן א שווערד נאָך ווערן,
שיינע האָקעלעך פאַר ווייבער.׳

״יענעם טאָג און יענעם אָוונט
האָט מען אויסגעגראָבן אייזן,
אויסגעגראָבן פון די זומפּן
און צום שמעלץ־אויוון געטראָגן.

״און דער קאָוואַל לייגט דאָס אייזן
אויף די גליענדיקע קוילן,
און ער נעמט דעם בלאָז־זאַק ציען,
גיט מיט אים דריי שטאַרקע בלאָזן,
און דאָס אייזן נעמט זיך שמעלצן,
הויבט אָן בלעזלען זיך ביים בלאָזן,
ווערט פון ווייצן־טייג נאָך ווייכער,
ווי דאָס טייג פון שוואַרצע ברויטן,

אין דעם שטאַרקן קוזניע פייער,
אין די העלע פייער פלאַמען.

״הויבט דאָס אייזן אָן צו שרייען:
׳אוי, איך בעט דיך, אילמאַרינען!
נעם אַרויס מיך גלייך פון פייער,
פון די פרעסנדיקע פלאַמען!״

״זאָגט דער קאָוואַל אילמאַרינען:
׳אויב איך נעם אַרויס דיך איצטער,
וועסטו גאָר א ווילדער ווערן,
וועסט געפערלעך זיין פאַר יעדן,
דיינס א ברודער נאָך צעשניידן,
און דיין מאַמעס קינדער קוילען.׳

״הויבט דאָס אייזן אָן צו שווערן,
שווערט מיט אַלע שווערסטע שבועות,
שווערט ביים בלאָז־זאַק, ביי קאָוואַדלע,
שווערט ביים שווערן קאָוואַל־האַמער,
און הויבט אָן אַזוי צו ריידן,
לאָזט אַזוי זיך גלייך דאָ הערן:
׳קאַרג דען ביימער אויף צו האַקן?
ווינציק שטיינער אָף צו שפּאַלטן?
כ׳וועל מיין ברודער ניט צעשניידן,
און מיין מאַמעס קינד ניט קוילען,
ס׳וועט מיר בעסער זיין צו לעבן,
אָנגענומער נאָך און פרייער,
ווען איך וועל צו לייטן קומען,
אַלס געצייג ביי זיי צו דינען,
ווי א ברודער צו צעשניידן,
איידער קוילען גאָר א קרוב.׳

״און דער קאָוואַל אילמאַרינען,
ער, דער ערשטער קאָוואַל־מייסטער,
כאַפּט פון פייער שנעל דאָס אייזן,
טראָגט עס צו צו דער קאָוואַדלע,
הויבט אָן קאָוועןֹ, מאַכט עס ווייכער,
האַמערט אויס גאָר שאַרפע זאַכן,

שמידט אויס העק און לאנגע שפיזן,
און א־פולע אנדערע זאכן.

„נאָר דעם אייזן פעלט נאָך עפּעס,
עפּעס דארף דאָס שטאָל נאָך האָבן,
ס'העשעט נאָך ניט צונג פון אייזן,
ס'מויל ביים שטאָל איז ניט געוואקסן,
נאָך ניט הארט געווען איז אייזן,
ניט געגעצט נאָך אין קיין וואסער.

„הויבט דער קאָוואל אילמארינען,
הויבט ער אָן צו טראכטן־קלערן,
ווארפט אריין גלייך אש אביסל,
גיסט אריין אויך לויג א טראָפּל
אין דעם וואסערל אָף קאָווען,
שטאָל צו הארטעווען און אייזן.

„נאָכדעם נעמט ער עס פארזוכן,
אָף דעם צונג עס אויספּראָבירן,
און ער הויבט אזוי אָן ריידן:
'ס'וועט דאָס וואסערל ניט טויגן,
ס'וועט ניט הארטעווען דאָס אייזן,
ס'וועט דעם שטאָל ניט מאכן שטארקער.

„קומט א בינעלע צעפליען,
א בלוי פליגעלע פון גרעזל,
פליט און פליט און טוט א שטעל זיך
פונקט ביים אויוון קעגן קאָוואל.

„הויבט דער קאָוואל אָן צו ריידן:
'ביז־בינעלע, פלינק מענטשעלע,
טו א פלי און ברענג מיר האָניק
אָף די פליגעלעך און צינגל,
פון זעקס יִיִסעלעך פון בלומען,
און פון זיבן קרייטער שפּיצן,
צו פארהארטעווען דאָס אייזן,
און דעם שטאָל צו מאכן שטארקער.

„נאָר דאָס וועספּל, היסי'ס פויגעלע,
האָט געהערט די אלע ווערטער,
אָלץ געזען פון קוזניע־דעכל,
פון א־הינטער דער ברעזע,
האָט געזען דאָס אייזן גליען,
און ווי שטאָל ווערט דאָרט געקאָוועט.

„פליט אין איילעניש דאָס וועספּל,
שפּרייט פאנאנדער היסי'ס שרעקן,
ברענגט דאָס צישן פון די שלאנגען,
ברענגט דעם שווארצן סם פון עקדעש,
און פון מורעשקעס די לייכע,
און געהיימען גיפט פון זשאבעס,
צו פארהארטעווען דאָס אייזן,
און דאָס שטאָל צו מאכן שטארקער.

„און דער קאָוואל אילמארינען,
דער בארימטער קאָוואל־מייסטער,
האָט אליין געמיינט א־דעמאָלט:
ס'איז דאָס בינעלע געקומען
און געבראכט אים זיסן האָניק,
אים געבראכט די גוטע זאפטן,
און ער הויבט אזוי אָן ריידן:
'כ'האָב שוין וואָס איך דארף אצינדערט
צו פארהארטעווען דאָס אייזן,
און דאָס שטאָל צו מאכן שטארקער.'

„ווארפט אין וואסערל דאָס אייזן,
ווארפט דאָס שטאָל אריין אהינצו
גלייך פון פלאמענדיקן פייער,
פון דעם גליענדיקן אויוון.

„ווערט דאָס שטאָל צעקאָכט פון כעס,
און דאָס אייזן ברויזט מיט צאָרן,
און עס ברעכט אליין זיין שבועה,
ווי א הונט אָן ערן־צוזאָג,
שניידט א ברודער אָן רחמנות,

און באפאלט אן אייגענעם קרוב,
לאָזט פון אים דאָס בלוט זיך גיסן,
גאנצע שטראָמען לאָזט ער פליסן."

נעמט דער אלטער טשמאקען־ריידן,
נעמט מיט קאָפּ און באָרד צו וויגן:
"כ׳ווייס דעם אָנהויב שוין פון אייזן,
ווייס, ווי ס׳קומט צום שטאָל זיין בייז־
קייט.

"אוי, דו שלעכטער, בייזער אייזן!
דו אומווירדיק שטיקל שלאק־שטיין!
אוי, דו שטאָל, דו מעכטיק בייזער!
אוי, ווי שלעכט דו ביסט געוואקסן!
ווי דו ביסט געוואָרן שרעקלעך,
ביסט שוין צו־פיל גרויס געוואָרן.

"ביסט געוועזן דאָך ניט קיין גרויסער,
ניט קיין גרויסער, ניט קיין קליינער,
ניט פארמאָגט קיין חן אפילו,
ניט געהאט קיין ביסל כוח,
ווען דו ביסט ווי פרישע מילעך
שטיל און רואיק זיך געפלאָסן
פון די בריסט פון שיינע מיידלעך,
פון די פולע מיידל־בריסטן,
ביי דעם ראנד פון ברייטע וואָלקנס,
אונטער ברייטער הימל־וועלבונג.

"ביסט געוועזן דאָך ניט קיין גרויסער,
ניט קיין גרויסער, ניט קיין קליינער,
ווען דו ביסט געווען א בלאָטקע,
ווי א שטראָמעלע געפלאָסן
אויף די פלאכע ברייטע זומפּן,
אויף דעם רוקן פון די פלעזן,
און ווי לויזע ערד געוואָרן,
פונקט ווי זשאווער־שטויב געלעגן.

"ביסט געוועזן דאָך ניט קיין גרויסער,
ניט קיין גרויסער, ניט קיין קליינער,
ווען אויף דיר איז הירש געלאָפן,
גרויסע הירשן אויף די זומפּן,
ווען דער וואָלף האט דיך געטראָטן,
בערן האָבן דיך געטאָפּטשעט.

"ביסט געוועזן דאָך ניט קיין גרויסער,
ניט קיין גרויסער, ניט קיין קליינער,
ווען מ׳האָט דיך פון זומפּ גענומען,
פון דער שווארצער ערד געצויגן,
און געפירט דיך אין דער קוזניע,
גלייך אין אילמארינענ׳ס אויוון.

"ביסט געוועזן דאָך ניט קיין גרויסער,
ניט קיין גרויסער, ניט קיין קליינער,
ווען דו האָסט גענומען צישען,
און געקאָכט אזוי ווי וואסער,
אין דעם גליענדיקן אויוון,
ווען דו האָסט געשוואוירן הייליק
ביי דעם בלאָז־זאק און קאָוואדלע,
ביי דעם גרויסן קאָוואל־האמער,
בעת דער קאָוואל איז געשטאנען
און געארבעט אין זיין קוזניע.

"איצטער ביסטו גרויס געוואָרן,
און דו ברויזט מיט ווילדן צאָרן,
און דו ברעכסט אליין דיין שבועה,
הינטיש פרעסטו אויף דיין ערע,
האָסט·דיין קרוב דאָך צעבלוטיקט,
מיט דיין מויל אים איינגעביסן.

"אוי, ווי קומט צו דיר די בייזקייט!
און פון וואנען אזא רשעות?!
פון דיין טאטן, צי דיין מאמען?
אָדער פון די עלטסטע ברידער?

אפשר גאָר פון דיינע שוועסטער,
אָדער פון אַן אַנדער קרוב ?

„ניט דער טאַטע, ניט די מאַמע,
ניט דער עלטסטער פון די ברידער,
ניט די איינגסטע פון די שוועסטער,
אויך ניט קיינער פון דיין אָפּשטאַם,
איין־אַליין האָסטו דאָס רשעות,
האָסט אַליין עס אָנגעהויבן.

„קום־זשע איצטער, זע דעם אומגליק,
קום דאָס בייזע אָפּצואווענדן
איידער איך דערצייל דיין מאַמע׳ן,
און פאַרקלאָג דיך פאַר דער אַלטער.
יעדע מאַמע וועט זיך זאָרגן,
וועט אַ־פולע צרות האָבן,
ווען איר זון באַגייט אַן עוולה,
ווען ער טוט אַן יענעם שאָדן.

„בלוט, הער אויף אַצינדערט פליסן !
וואַרעם בלוט, הער אויף צו שטראָמען,
אַף דעם שטערן מיר צו שפּריצן,
אַף מיין ברוסט אַראָפּצורינען,
שטעל זיך אָפּ גלייך ווי אַ מויער,
ווי אַ פּלויט שטעל זיך אַנידער,
ווי אַ שווערד אין טיפן וואַסער,
ווי טשערעט שטייט אַף די זומפּן,
ווי אַ פעלז אַף ברייטע פעלדער,
ווי אַ שטיין אין וואַסערפאַלן.

„אויב עס טוט דיין לוסט דיך טרייבן
שנעל און ראַשיק דאָך צו פליסן,
לאָז אין פליישׁ צוריק זיך פירן,
לויף געשווינד אַרום די ביינער,
דאָרטן וועט דיר זיין פיל בעסער,
אונטער הויט פיל אָנגענעמער
אין די אָדערן צו לויפן,

שטענדיק אַרום ביינדלעך שטראָמען,
ווי אַף ערד אַראָפּצורינען,
אין דעם שטויב אַריינצוטריפן.

„פליס ניט, מילך אַף ערד אַרונטער,
און דו זאָלסט אַף גראָז ניט שטראָמען,
ניט אַף קרייטער, קרוין פון מענער,
ניט אַף בערגלעך, ציר פון העלדן,
טיף אין האַרצן איז דיין שטיבל,
אין די לונגען איז דיין קעלער,
לויף צוריק אַהין אַצינדערט,
די מינוט זאָלסטו צוריקגיין !
דאַרפסט ניט ווי אַ טייך איצט פליסן,
ווי אַן אָזערע דאָ שטראָמען,
דאַרפסט ניט שפּרודלען, ווי אַ קוועלכל,
ווי אַ טייכל איבער פעלדער.

„רואיק שטיי, הער אויף צו גיסן,
רויטע בלוט, הער אויף צו רינען,
האַלט אַליין זיך איין אַצינדערט,
איז דאָך טוריאַ שטיין געבליבן,
און טואָני׳ס טייך אַנטשוויגן,
ים און הימל איינגעטרוקנט
אין דער טרוקעניש פון זומער,
אין דעם יאָר פון גרויסע שׂרפות.

„אויב דו שענקסט דאַרויף קיין אַכטונג,
ווייס איך וואויל נאָך אַנדערע וועגן,
ווייס איך וואָס פאַר מיטלען זוכן,
איך קאָן רופן היסי׳ס קעסל
און דאָס בלוט אַ־דאָרטן קאָכן,
דאָרטן אָנהייצן די בלוטן,
ס׳וועט ניט אויסרינען אַ טראָפּן,
רויטער זאַפט וועט זיך ניט גיסן,
אַף דער ערד אַרונטערטריפן,
פון די וואונדן נעמען רינען.

"בין איך שוין קיין מאַן ניט מערער,
איז דעם אַלטנס זון קיין העלד ניט
צו פאַרהאַמעווען די בלוטן,
און דעם ווילדן שטראָם באַהערשן,
לעבט אין הימל נאָך דער פאָטער,
יומאַלאַ, דער האַר פון וואָלקנס,
ער, דער מעכטיקסטער פון מענער,
ער, דער קרעפטיקסטער פון העלדן,
וועט דאָס מויל פון בלוט פאַרבייען,
זיין געלאָף אַצינדערט שטילן.

"אוקקאָ, דו באַשעפער גרויסער,
יומאַלאַ, אין העכסטן הימל,
קום אַראָפּ, דיין הילף איז נויטיק,
קום אַהער און העלף מיר איצטער,
דריק דיין שטאַרקע האַנט צוזאַמען,
דריק מיט דיינע גראָבע פינגער,
און פאַרמאַך די וואונד די שווערע,
און פאַרשליס די לאָך אַצינדערט,
לייג אַרויף דאָרט לינדע בלעטלעך,
און פאַרשפּרייט מיט גאָלדענע בלומען,
שליס דעם וועג אָפּ פאַר די בלוטן,
און פאַרהאַמעווע די שטראָמען,
וועט דאָס בלוט צום באָרד ניט שפּריצן,
מיינע קליידער ניט פאַרפלעקן."

און אַזוי ווערט וואונד פאַרשלאָסן,
איינגעהאַמעוועט די בלוטן,
און ער שיקט דעם זון אין קוזניע
אָנצוגרייטן זיסע זאַלבן
פון די פּעדימלעך פון גראָזן,
פון די טויזנט בלעטער־צוויטן,
און פון טריפנדיקן האָניק,
פון די היילנדיקע זאַפטן.

גייט דאָס אינגל אין דער קוזניע
אָנצוגרייטן זיסע זאַפטן,
טרעפט ער אָן אין וועג אַ דעמבע,
און ער הויבט איר אָן צו פרעגן:
"האָסטו האָניק אַף די צווייגן,
זיסע זאַפטן אַף דיין קאָרע?"

ענטפערט קלוג אים גלייך די דעמבע:
"האָניק האָט געטריפט ערשט נעכטן
אַף די ברייטע צווייגן מיינע,
אַף מיין קרוין איז ער געפאַלן
פון די רוישנדיקע וואָלקנס,
פון די וואָלקנדלעך, ווי לעמער."

רייסט ער אָפּ אַ דעמבן צווייגל,
קלייבט אַרום די דעמבע־שפּענער,
זאַמלט פּעדימלעך פון גראָזן,
און פון אַלע סאָרטן קרייטער,
וואָס מען זעט גאָר הי ניט קיינמאָל,
וואָס מען קאָן ניט זען אין ערגעץ.

און ער שטעלט זיי אַף דעם פייער,
און ער הויבט זיי אָן צו קאָכן —
שטיקלעך קאָרע פון דער דעמבע,
גראָזן פון די שענסטע סאָרטן.

און עס רוישט און קאָכט דער קעסל,
צוויי און דריי נעכט נאָכאַנאַנדער,
און דריי פרילינג־טעג כסדר,
און דאָס אינגל נעמט באַקוקן,
צי עס איז די זאַלב שוין פאַרטיק,
צי דאָס מיטל וועט שוין טויגן.

נאָר די זאַלב איז אַלץ ניט פאַרטיק,
און עס טויג נאָך ניט דאָס מיטל,
און ער וואַרפט אַריין נאָך גראָזן,
מישט אַריין אַ־פולע קרייטער,
צוגעבראַכט פון ערגעץ אַנדערש,

פון א ווייט אַף הונדערט מיילן,
צוגעבראַכט פון ניין מכשפים,
און פון זנאַכערס אַכט געזאַמלט.

לאָזט ער זיי דריי נעכט נאָך זידן,
קאָכט ניין טעג זיי נאָכאַנאַנדער,
נעמט פון פייער צו דעם קעסל,
און באַטראַכט די זאַלב פאַמעלעך,
און ער זעט — די זאַלב איז פאַרטיק,
ס׳וועט דאָס מיטל איצט שוין טויגן.

און א פיל־פאַרצווייגטע עספּע
איז ביים ראַנד פון פעלד געוואַקסן,
נעמט ער און צעברעכט די עספּע,
ברעכט דעם בוים כמעט אַף צווייען,
און באַשמירט מיט זאַלב די קאָרע,
רייבט זי איין מיט כישוף־זאַלבן,
און ער הויבט אַזוי אָן ריידן:

„ווי איך שמיר אַזוי די זאַלבן,
ווי איך טו די וואונד באַדעקן,
זאָל אַזוי דער בראָך פאַרשווינדן,
גאַנץ זאָל ווערן איצט די עספּע,
און זיך שענער נאָך צעוואַקסן.“

ווערט די עספּע גלייך געגעזן,
שענער וואַקסט זי נאָך ווי פריער,
שענער איז איר קרוין געוואָרן,
און איר שטאַם איז איצט נאָך שטאַרקער.

פּרוּווט ער אויס די זאַלב נאָך ווייטער,
פּרוּווט דאָס נייע מיטל ווידער,
פּרוּווט דאָס אויס אַף שטיקער שטיינער,
אַף די שפּאַלטן פון די פעלזן,
ווערן גאַנץ די שטיקער שטיינער,
עס באַהעפטן זיך די פעלזן.

קומט דאָס אינגל פון דער קוזניע
מיט די צוגעגרייטע זאַלבן,
מיט דעם היילנדיקן מיטל,
און ער טראָגט זיי צו צום פאָטער:
„איצטער האָסטו גוטע זאַלבן,
האָסט א זיכערע רפואה,
זי קאָן בערג צוזאַמענהעפטן,“
אין איין פעלז צוזאַמענבינדן.

מיט זיין צונג פּרוּווט אויס דער
פאָטער,
טוט אליין א לעק די זאַפּטן,
און ער זעט ווי גוט זיי זיינען,
ווי זיי זיינען איצט געראָטן.

שמירט ער אויס דעם זינגער וואַינאַ׳ן,
נעמט אים היילן זיינע וואונדן,
שמירט מיט זאַלב אים אויבן, אונטן,
רייבט אים איין אויך אינדערמיטן,
נאָכדעם הויבט ער אָן צו ריידן,
און ער לאָזט אַזוי זיך הערן:

„ניט מיין פלייש באַרירט דיך איצטער,
נאָר דאָס פלייש פון דעם באַשעפער,
ניט מיין כוח טוט דיר העלפן,
גאָט אליין ברענגט הילף דיר איצטער,
ניט מיט מיין מויל טו איך ריידן,
יומאַלאַ אַליין טוט ריידן,
מיינע ליפּן זיינען זיסע,
זיסער נאָך יומאַלאַ׳ס ליפּן,
ווי עס זאָל מיין האַנט ניט לינד זיין,
איז גאָט׳ס האַנט נאָך לינדער, מילדער.“

אויסגעשמירט שוין מיט די זאַלבן,
איינגעריבן מיט די זאַפּטן,
ווערט דער אַלטער וואַינאַמאַינען
איינגעדרייט פון טיפן ווייטיק,

און ער פאַלט אַף דער ערד אַנידער,
און ער הויבט זיך אָן צו וואַרפן.

יאָגט דער זקן אָפּ דעם ווייטיק,
נעמט אים אין די ווייטן טרייבן,
צו דעם ווייטיק־באַרג אינמיטן,
צו דעם הויכן שפּיץ פון פּיין־באַרג,
דאָרט צו מאַטערן די שטיינער,
דאָרט צו פּייניקן די פעלזן.

נאָכדעם נעמט ער זייד אַ קלעצל
און צעשניידט אַף שמאָלע פּאַסן,
און צערייסט דערנאָך די פּאַסן,
מאַכט פון זיי אַ־פּולע בענדער,
בינדט אַרום די זיידן־בענדער,
וויקלט זיי אַרום דער קניע
פון דעם אַלטן וואַינאַמאָינען,
בינדט אַרום זיין גראָבן פינגער.

און ער הויבט אַזוי אָן ריידן,
און ער לאָזט אַזוי זיך הערן:
„כ'האָב מיט זייד פון גאָט פאַרבונדן,
אין גאָט'ס בענדער איינגעוויקלט
וואַינאַמאָינענ'ס קראַנקע קניע,
פונם העלד דעם גראָבן פינגער.
קום מיט גנאָד, אָ, גאָט פון הימל,
שיק אונז, מעכטיקער באַשעפער,
היט אונז אויס פון אומגליק איצטער,
שיק אַ היילונג צו דעם ווייטיק."

און דער אַלטער וואַינאַמאָינען
נעמט דערשפּירן זיינע כוחות,
פילט, ער ווערט שוין איצט געזונט,
שענער ווערט דאָס לייב אים אויבן,
און עס היילט די וואונד זיך אונטן,
וואונד אין מיטן ווערט אים לינדער,
פילט קיין ווייטיק אין די זייטן,
ניט געבליבן גאָר קיין סימן,
שענער ווערט דאָס לייב אַצינדערט,
בעסער ווי עס איז געווען,
און דער פוס — ער קאָן אים רירן,
לייכט באַוועגט ער שוין זיין קניע,
אָן שום ווייטיק אין זיין קערפּער,
וואו אַ וואונד איז אים פאַרשוואונדן.

הויבט דער אַלטער וואַינאַמאָינען
הויבט צום הימל אויף די אויגן,
קוקט אַרויף מיט פרייד מיט גרויסער
און מיט דאַנקבאַרקייט צום הימל,
און ער הויבט אַזוי אָן ריידן:
„שטענדיק קומט דער גנאָד פון דאָרטן,
הילף און טרייסט פון דאָרטן פליסן,
פון דעם הימל דאָרטן אויבן,
פון דעם מעכטיקן באַשעפער.

„זיי געלויבט, אָ, האַר פון הימל,
און געבענטשט זאָל זיין דיין נאָמען
פאַר דיין טרייסט און פאַר דיין חסד,
פאַר דיין גרויסער הילף אַצינדערט
צו דעם שווערן ווייטיק מיינעם,
צו דעם פּיין פון שאַרפן אייזן."

און דער אַלטער וואַינאַמאָינען
לאָזט אַף ס'ניי זיך ווידער הערן:
„זאָל די יוגנט מער ניט מאַכן,
זאָל דער דור, וואָס קומט, ניט בויען
אַף געוועט זיך מער קיין שיפל,
אַף באַרימען זיך פאַר מענטשן,
גאָט אַליין באַשטימט די וועגן,
זעט דעם סוף ביים סאַמע אָנהויב,
ניט דער מענטש, דער סאַמע קלוגסטער,
ניט דער גרעסטער העלד אפילו."

# צענטע רונע

## אילמאַרינען שמידט אוים די סאַמפּאָ

וואינאמאינען קומט צוריק אַ־היים און הייסט אילמאַרינעניען גיין קיין פּאָכיאַ, מאַכן די סאַמפּאָ און קריגן דאָס שיינע מיידל. אָבער איל־מאַרינען וויל ניט גיין. וואינאמאינען ברענגט דאָך אַהין אילמאַרינעניען דורך אַ שפּיצל. מען נעמט אים אויף גוט, ער מאַכט די סאַמפּאָ; די אַלטע האַרין באַהאַלט די סאַמפּאָ אין אַ שטיינערנעם באַרג און גיט אים ניט דאָס מיידל. אילמאַרינען פאָרט צוריק אַהיים און דערציילט וואינאמאינעניען, אַז ער האָט געמאַכט די סאמפּאָ.

ון דער אלטער וואינאמאינען
פירט ארויס זיין ברוינעם אגער,
און ער טוט אים אן א צוימל,
און ער שפאנט אים איין אין שליטן,
און ער זעצט זיך דארט אנידער.

און ער טוט א שמייס דעם אגער
מיט דער בייטש באדעקט מיט פערל,
און דאס פערד נעמט האסטיק לויפן,
און דער וועג ווערט קורץ און קירצער,
ס'קלאפן בלויז בערעזע־שינעס,
און די דארע דישליעס סקריפען.

און ער לויפט פון דארט מיט אימפעט
איבער זומפן, איבער פעלדער,
איבער פלאך־געשפרייטע פליינען,
לויפט אף איין טאג און א צווייטן,
ענדלעך, אף דעם דריטן טאג ערשט
קומט ער אן צום לאנגן בריקל
ביי די קאלעוואלא־פעלדער,
ביי דעם ראנד פון אסמא'ס פליינען.

הויבט דער אלטער אן צו ריידן,
און ער לאזט אזוי זיך הערן:
„וואלף, צעפרעס דעם אומגליק־זעער!
פלאג, דערשלאג דעם זון פון לאפלאנד!
ווייל ער האט געזאגט, אז קיינמאל,
קיינמאל אין מיין גאנצן לעבן,
ביז לבנה וועט נאך שיינען,
וועל איך צו מיין היים דערגרייכן,
צו די פעלדער פון וואינאלא,
צו די קאלעוואלא־פליינען."

הויבט דער אלטער וואינאמאינען,
הויבט זיין כישוף־ליד אן זינגען,
און פארכישופט גלייך א סאסנע,
און זי נעמט זיך שיין צעוואקסן,
נעמט מיט גאלדענע צווייגן בליען,
אין דער ווייטער ווייט זיך שפרייטן,
גרייכט די קרוין אזש ביז צום הימל,
ווייט אריבער אלע וואלקנס.

און ער זינגט און כישופ'ט ווייטער —
לאזט אראפ זיך די לבנה
אף דער סאסנע־קרוין זיך זעצן,
בער פון הימל — אף די צווייגן.

און ער פארט גערוישיק ווייטער,
גלייך אהיים איילט ער אצינדערט,
פארט פארזארגט, דעם קאפ געבויגן,
אף א זייט פארוקט דאס היטל,
ווייל דעם קאוואל אילמארינען,
אים, דעם פיל־געלויבטן מייסטער,
האט ער צוגעזאגט צו ברענגען
אין דעם פינצטערן פאכיאלא,
אין דעם טונקעלן סאריאלא.

און ער שטעלט דאס פערד אף ראשיק
נעבן אסמא'ס פעלד דעם נייעם,
און דער אלטער וואינאמאינען
האט דערהערט אין קוזניע קלאפן,
האמערן אין קוילן־שטיבל.

10טע
רונע

און דער זינגער וואינאמאינען
טוט זיך גלייך א לאז אין קוזניע,
און דערזעט ווי אילמארינען
קלאפט געלאסן מיט זיין האמער.
זאגט דער מייסטער אילמארינען:
„אוי, דו אלטער וואינאמאינען,
וואו האסטו זיך אויסבאהאלטן,
וואו ביסטו ביז איצט געוועזן?"

הויבט דער אלטער וואינאמאינען,
ער אליין הויבט אן צו ריידן:
„וויסטו וואו איך בין געוועזן,
וואו איך האב זיך אויסבאהאלטן?
כ'בין געוועזן דאך אין פאכיאלא,
אין דעם טונקעלן סאריאלא,
אף די אייז־פעלדער פון לאפלאנד,
אין דעם לאנד פון כישופמאכער.

זאגט דער קאוואל אילמארינען,
ער אליין הויבט אן צו ריידן:
„אוי, דו ליבער וואינאמאינען,
אומפארגלייכלעכער מכשף,
זאג, ווי איז דיר דארט געגאנגען,
ווי ביסטו א־היים פארפארן?"

ענטפערט גלייך אים וואינאמאינען:
„כ'האב א סך דיר צו דערציילן,
ס'איז א מיידל דא אין נארדלאנד,
אין דעם קאלטן דארף — א יונגפרוי,
וויל זי פון קיין חתן הערן,
פון דעם בעסטן טוט זי לאכן,
לויבט זי העלפט פון גאנץ פאכיאלא,
ווי די שענסטע פון די פרויען;
פון די שלייפן שטראלט לבנה,
זונשיין לויכט איר פון די בריסטן,
פון דער פלייצע — זיבן שטערן.

„אוי, דו גרויסער אילמארינען,
פיל־געלויבטער קאוואל מייסטער,
גיי און כאפ אוועק דאס מיידל,
גיי און קוק זי אן די שיינע!
קענסטו נאר א סאמפא שמידן
און דאס פיל־קאלירטע דעקל,
קריגסטו גלייך אלס לוין דאס מיידל,
דיינע וועט די יונגפרוי ווערן."

זאגט דער קאוואל אילארמינען:
„אוי, דו אלטער וואינאמאינען,
האסט שוין צוגעזאגט מיך ברענגען
אין דעם פינצטערן פאכיאלא,
פאר דיין אייגענעם קאפ אן אויסלייז,
זיך אליין בלויז צו באפרייען;
קיינמאל אין מיין גאנצן לעבן,
ביז לבנה וועט נאך שיינען,
קום איך צו דעם נארדלאנד־גרעניץ,
צו די הייזער פון פאכיאלא,
וואו מען פרעסט נאר איינס דעם צווייטן,
וואו מען ווארפט אין ים די העלדן."

זאגט דער אלטער וואינאמאינען,
ער אליין הויבט אן צו ריידן:
„ס'איז דארט וואונדער איבער וואונדער!
כ'האב געזען א סאסנע בליען
ביי דעם ראנד פון אסמא'ס פעלדער,
זיינען גינגאלד אירע צווייגן,
פון איר קרוין שיינט די לבנה,
זיבן שטערן — פון די צווייגן."

זאגט דער קאוואל אילמארינען:
„ניין, איך קען דאס גאר ניט גלויבן
ביז איך זע ניט מיט די אויגן,
ביז איך טו דארויף ניט קוקן."

זאָגט דער אַלטער וואַינאַמאָינען:
„אויב דו קענסט דאָס גאָר ניט גלויבן,
קום און זע מיט דיינע אויגן,
וועסטו וויסן, צי ס'איז אמת.“

און זיי גייען גלייך באַקוקן
די צעבליטע קרוין פון סאָסנע;
וואַינאַמאָינען גייט אַ־פריער,
אילמאַרינען שפּאַנט נאָך הינטן.
ווען זיי זיינען אָנגעקומען
צו דעם ראַנד פון אָסמאָ'ס גאָרטן,
גייט דער קאָוואַל צו גאָר נאָענט
צו באַוואונדערן די סאָסנע
מיט די שטערן אויף די צווייגן,
און אין מיטן קרוין — לבֿנה.

הייבט דער אַלטער וואַינאַמאָינען,
ער אַליין הייבט אָן צו ריידן:
„איצטער קריך, מיין ליבער ברודער,
קריך אַרויף נאָך דער לבֿנה,
ברענג אַראָפּ די זיבן שטערן
פון דער שיין־צעבליטער סאָסנע.“

און דער קאָוואַל אילמאַרינען
הייבט אָן קריכן אויף דער סאָסנע,
קלעטערט ביז צום הימל־בויגן
און וויל נעמען די לבֿנה,
נעמען אויך די זיבן שטערן
פון דער סאָסנע־קרוין דער גאָלדענער.

נעמט די סאָסנע־קרוין אים וואָרנען
און זי הייבט אַזוי אָן ריידן:
„ביסט אַ מאַן גאָר אָן געדאַנקען,
און אַ העלד גאָר אָן דערפאַרונג!
קלעטערסט אום אויף מיינע צווייגן,
ווי אַ קליינער אינגל קריכסטו,

ווילסט דאָרט נעמען די לבֿנה,
פאַלשע שטערן ווילסטו נעמען.“

נאָר דער אַלטער וואַינאַמאָינען
הייבט זיין כּישוף־ליד אָן זינגען,
און ער כּישופֿט אויס אַ שטורעם,
און צעברויזט אים ווילד און ווילדער,
און ער הייבט אָן גלייך צו ריידן,
און ער לאָזט אַזוי זיך הערן:
„נעם אים, ווינט, פון דאַנען טראָגן,
רייס אַוועק אים אין דיין שיפל,
טראָג אים אין די ווייטע ווייטן,
אין דעם פינצטערן פּאָכיאָלאַ.“

און עס הייבט זיך אויף אַ שטורעם,
און צעברויזט זיך ווילד און ווילדער,
טראָגט זיך אין די ווייטע ווייטן,
רייסט אַוועק דעם קאָוואַל־מייסטער
צו דעם פינצטערן פּאָכיאָלאַ,
צו דעם טונקעלן סאַריאָלאַ.

אָט אַזוי ווערט אילמאַרינען
פון דעם שטאַרקן ווינט פאַרטראָגן,
און ער טראָגט זיך ווייטער, ווייטער
אויף דעם פרישן וועג פון שטורעם,
אויף דער זון און אויף לבֿנה,
איבער אַלע זיבן שטערן
צו די שטיבלעך פון פּאָכיאָלאַ,
צו דער באָד פון סאַריאָלאַ,
ניט דערשפּירט פון הינט אַפילו
צו באַפאַלן אים מיט בילן.

לאָוכי, האַרין פון פּאָכיאָלאַ,
די אָנציינערדיקע זקנה,
איז אַליין אין הויף געשטאַנען
און געשווינד גענומען ריידן:
„זאָג, פון וועלכע מענער קומסטו,

פון א־וועלכע העלדן שטאמסטו?
קומסט אהער אף ווינט געטראגן,
אף דעם שליטוועג פון דעם שטורעם,
ניט דערשפּירט פון הינט אפילו,
ניט באפאלן מיט קיין בילן."

זאגט דער קאוואל אילמארינען:
"כ'בין דאך ניט אהער געקומען
פון די הינט זיך לאזן בייסן,
זיך פון זיי צו לאזן שענדן
ביי די אומבאקאנטע טירן,
ביי די טויערן די פרעמדע."

און די האריין פון פאכיאלא
נעמט דעם פרעמדן אויסצופארשן:
"קענסטו אפשר ערגעץ דארטן,
אדער אפשר וואו באגעגנט
דארט דעם קאוואל אילמארינען,
יענעם פיל־געלויבטן מייסטער?
לאנג שוין אז מיר טוען ווארטן,
קוקן אויס אף אים די אויגן,
ביי די גרעניצן פון נארדלאנד,
ער זאל אויסשמידן די סאמפא."

זאגט דער קאוואל אילמארינען,
ער אליין הויבט אן צו ריידן:
"זיכער קאן איך אים, דעם קאוואל,
קאן דעם מייסטער אילמארינען,
איך אליין בין אילמארינען,
דער געשיקטער קאוואל־מייסטער."

און די האריין פון פאכיאלא,
די אנציינערדיקע זקנה,
גייט געשווינד אריין אין שטיבל,
און זי הויבט אזוי אן ריידן:
"הער מיך אויס, מיין אינגסטע טאכטער,
דו, די בעסטע פון די קינדער:
טו זיך אן אין בעסטן אנטאן,
צי ארויף די שענסטע קליידער
פון די טייערסטע געוואנטן,
נעם ארויס דאס שענסטע צירונג,
אף דיין האלדז טו אן די פערל,
פוץ די בריסט אויס מיט די שענסטע,
פוץ מיט זילבער אויס די שלייפן,
וועלן רויטלען זיך די באקן,
און די אויגן וועלן שטראלן,
ס'איז דער קאוואל דאך געקומען,
ס'איז געקומען אילמארינען
אויסצושמידן אונז די סאמפא,
און דאס שיינע דעקל קאווען."

און דאס שיינע נארדלאנד מיידל,
ציר פון ים און פון יבשה,
נעמט דאס סאמע ריינסטע אנטאן,
קלויבט זיך אויס דאס שענסטע קליידל,
טוט זיך פינף אן — איינס אף איינעם,
און זי נעמט דעם קאפ פארפוצן,
טוט זיך אן איר קופער־גארטל,
גלאנצט ווי גאלד איר גארטל־
ספראנטשקע.

און זי קומט ארויס פון קאמער,
גייט פון הויף אריין אין שטיבל,
און עס שטראלן אירע אויגן,
און די אוירינגלעך, זיי קלינגען,
און עס לויכט דאס גאנצע פנים,
און עס רויטלען זיך באקן,
און עס שיינט דאס גאלד פון בוזעם,
זילבער שימערט פון די לאקן.

איצטער פירט די האריין לאוכי,
פירט דעם קאוואל אילמארינען

אין דער וואוינונג פון פּאָכיאָלאַ,
גלייך אין שטיבל סאַריאָלאַ׳ס,
און זי גיט אים זאַט צו עסן,
גיט אים אויך גענוג צו טרינקען,
גיט פון אַלץ אים נאָר דאָס בעסטע,
און זי הויבט אַזוי אָן ריידן:
„אָ, דו ליבער אילמאַרינען,
פּיל־געלויבטער קאָוואַל־מייסטער,
אויב דו וועסט די סאַמפּאָ שמידן,
אויסקאָווען דאָס שיינע דעקל
בלויז פון שוואַנען פעדער־שפּיצן,
פון אַ טראָפּן קיען־מילעך,
פון אַ קערנדל פון גערשטן,
און פון שאָפן וואָל אַביסל,
גיב איך דיר אַלס לוין מיין מיידל,
גיב איך דיר מיין ליבסטע טאָכטער.״

זאָגט דער קאָוואָל אילמאַרינען,
ער אַליין הויבט אָן צו ריידן:
כ׳וועל די סאַמפּאָ זיכער שמידן,
אויסקאָווען דאָס שיינע דעקל
פון די שוואַנען פעדער־שפּיצן,
פון אַ טראָפּן קיען־מילעך,
פון אַ קערנדל פון גערשטן,
און פון שאָפן וואָל אַביסל,
כ׳האָב דאָך אויסגעשמידט דעם הימל,
און פון לופט דעם דאָך געהאַמערט,
פריער פאַר דעם ערשטן אָנהויב,
איידער ס׳איז אַ זאַך געוועזן.״

און ער גייט די סאַמפּאָ שמידן,
אויסקאָווען דאָס שיינע דעקל,
זוכט אַן אָרט זיך פאַר דער קוזניע,
און ער זוכט געצייג צו קאָווען;
ניט געווען איז דאָרט קיין קוזניע,
ניט קיין קוזניע, ניט קיין בלאָז־זאַק,
ניט קיין אויוון, קיין קאָוואַדלע,
ניט קיין העמערל, קיין האַמער.

הויבט דער קאָוואָל אילמאַרינען,
ער אַליין הויבט אָן צו ריידן:
„אַלטע ווייבער קענען צווייפלען,
און אַ נאַר טוט האַלבע אַרבעט,
ניט דער שוואַכסטער פון די מענער,
ניט דער פוילסטער פון די העלדן.״

זוכט ער וואו אַ קוזניע בויען,
זוכט וואו אויפשטעלן דעם בלאָז־זאַק
אויף די ווייט־צעשפּרייטע פליינען,
ביי דעם ראַנד פון פּאָכיאַ׳ס פעלדער.

זוכט ער איין טאָג און אַ צווייטן,
ענדלעך, אויף דעם דריטן טאָג ערשט
זעט ער ליגן גרויסע פעלזן,
זעט אַ פעלז אַ פּיל־קאָלירטן,
און ער שטעלט זיך דאָרט אַנידער,
און ער נעמט זיך גרייטן פייער,
מאַכט אין ערשטן טאָג דעם בלאָז־זאַק,
און דעם אויוון — אין דעם צווייטן.

און דער קאָוואָל אילמאַרינען,
ער, דער פּיל־געלויבטער מייסטער,
וואַרפט דעם שטאָף אַריין אין פייער,
אין דעם סאַמע מיט פון אויוון,
שטעלט די קנעכט אַוועק ביים בלאָז־זאַק
צו צעבלאָזן אים דאָס פייער.

האַסטיק ציען זיי דעם בלאָז־זאַק,
און זיי בלאָזן שטאַרק דאָס פייער
פּונקט דריי זומער־טעג כסדר,
און דריי נעכט אויך נאָכאַנאַנדער,
וואַקסט זיי שטיינער אויף די פּיאַטעס,
אויף די גראָבע פינגער — הרודעס.

איז דער ערשטער טאָג אריבער,
און דער קאָוואל אילמארינען
טוט א בויג זיך צו באטראכטן,
און נעמט קוקן טיף אין אויוון,
זען וואָס טוט זיך אין די פלאמען,
וואָס אין פייער איז געוואָרן.

ווערט א בויגן אין דעם פייער
מיט דעם גאָלד־גלאַנץ פון לבנה,
הוילע גאָלד מיט זילבער שטרייפן,
און דאָס הענטל — בלאַנקע קופּער.

שיין צו קוקן איז דער בויגן,
נאָר ער האָט א מיאוסע טבע:
אלע טאָג א קאָפּ געפּאָדערט,
גאַנצע צוויי אף יעדן יום־טוב.

און דער קאָוואל אילמארינען
איז דערמיט ניט שטארק צעפרידן,
נעמט ער און צעברעכט דעם בויגן,
און ער ווארפט אים גלייך אין פייער,
און באפוילט די קנעכט צו בלאָזן,
אָבער שוין מיט אלע כוחות.

בויגט זיך ווידער אילמארינען
אף דעם צווייטן טאָג צום פייער,
הויבט דעם אויוון אָן באטראכטן,
טיף אין פייער נעמט ער קוקן:
ווערט א שיפל אין דעם פייער,
ווערט א שווים־בריק אין די פלאמען —
הוילע גאָלד די נאָז פון שיפל,
און די וועסלע־שלסער — קופּער.

שיין צו קוקן אף דעם שיפל,
נאָר עס האָט א מיאוסע טבע:
יאָגט אליין זיך אף מלחמה,
לויפט זיך שלאָגן אָן באפעלן.

און דער קאָוואל אילמארינען
איז אליין שוין ניט צעפרידן,
ברעכט ער עס אף טויזנט שטיקער,
און ער ווארפט זיי אין דעם פייער,
און באפוילט די קנעכט צו בלאָזן,
אָבער שוין מיט אלע כוחות.

בויגט זיך ווידער אילמארינען
אף דעם דריטן טאָג צום פייער,
הויבט דעם אויוון אָן באטראכטן,
טיף אין פייער נעמט ער קוקן;
קומט ארויס א קו פון פייער,
שטראלט מיט גאָלד פון אירע הערנער,
בער פון הימל שטראלט פון שטערן,
זון־ראָד לויכט איר פון די שלייפן.

שיין געווען אף איר צו קוקן,
נאָר זי האָט א מיאוסע טבע:
שטענדיק אין דעם וואלד צו שלאָפן,
און צעגיסן דאָרט די מילעך.

און דער קאָוואל אילמארינען
איז אליין שוין ניט צעפרידן,
און צעשניידט זי גלייך אויף שטיקער,
ווארפט זיי באַלד אריין אין פייער,
און באפעלט די קנעכט צו בלאָזן
ווידער שטארק, מיט אלע כוחות.

בויגט זיך ווידער אילמארינען
אף דעם פערטן טאָג צום פייער,
הויבט דעם אויוון אָן באטראכטן,
טיף אין פייער נעמט ער קוקן;
ווערט אן אקער אין דעם פייער,
שיינט ווי גאָלד דאָס אקער־מעסער,
און דאָס הענטל איז פון זילבער,
און דער שטיל איז הוילע קופּער.

שיין צו קוקן אף דעם אקער,
נאָר ער האָט א מיאוסע טבע:
נאָר ער אקערט פרעמדע פעלדער,
און צעדרויבלט יענעמס לאנען.

איז דער קאָוואל אילמארינען
שוין אליין גאָר ניט צעפרידן,
און צעברעכט גאנץ שנעל דעם אקער,
און ער ווארפט אים גלייך אין פייער,
הייסט די ווינטן איצטער בלאָזן,
שטורעם זאָל דעם בלאָז־זאק ציען.

און עס נעמען ווינטן רוישן,
בלאָזן מערב,־ מזרח־ווינטן,
און עס בלאָזט דער ווינט פון דרום,
און דער צפון־ווינט נעמט ברויזן,
בלאָזט עס איין טאָג און א צווייטן,
און דעם דריטן טאָג אינגאנצן,
רייסן פלאמען זיך דורך פענצטער,
פון די טירן פליען פונקען,
שטויב דערהויבט זיך ביז צום הימל,
און עס מישט זיך רויך מיט וואָלקנס.

טוט א בויג זיך אילמארינען
אף דעם דריטן טאָג צום פייער,
הויבט דעם אויוון אָן באטראכטן,
טיף אריינקוקן אין פייער,
און דערזעט די סאמפּאָ קומען,
זעט דאָס שיינע דעקל וואַקסן.

און דער קאָוואל אילמארינען,
ער, דער פיל־געלויבטער מייסטער,
נעמט זיך האמערן אצינדערט,
שווינגט דעם האמער שטארק און שטארקער,

און ער קאָוועט אויס די סאמפּאָ —
אף א זייט זאָל מעל זיך מאָלן,
אף דער צווייטער — זאַלץ צו מאָלן,
געלט זאָל פליסן פון דער דריטער.

נעמט די נייע סאמפּאָ מאָלן,
און דאָס דעקל דרייט זיך האסטיק,
מאָלט פארטאָג שוין אָפּ א מעסטל,
אָט־דאָס מעסטל איז אף עסן,
מאָלט דאָס צווייטע צו פארקויפן,
און דאָס דריטע צו באהאלטן.

פרייט זיך שטארק די אלטע הארין,
און זי טראָגט די גרויסע סאמפּאָ
צו די פעלזן פון פּאָכיאָלא,
אין די קופּער־בערג באהאלטן,
און פארשליסט זי אף ניין שלעסער,
און פארפעסטיקט זי מיט וואָרצלען,
אויף ניין קלאַפטער אין די טיפן,
אף דער ערד ציט זיך איין וואָרצל,
איינער ביי דעם ראַנד פון וואסער,
טיף אין בארג אריין — דער דריטער.

איצטער נעמט זיך אילמארינען
איידל פאָדערן דאָס מיידל,
און ער הויבט אזוי אָן ריידן:
״גיב מיר איצטער אָפּ דאָס מיידל,
ס'איז שוין פארטיק דאָך די סאמפּאָ
מיט דעם פיל־קאָלירטן דעקל.״

און דאָס שיינע נאָרדלאנד מיידל
הויבט אזוי אָן גלייך צו ריידן:
״ווער וועט אין די נאָענטע יאָרן,
מיט דריי זומערן נאָך שפּעטער,
דאָ ארויסרופן דעם קוקוק,

רופן פייגעלעך צום זינגען,
אויב איך וועל אוועק פון דאנען,
אין א פרעמדן לאנד אוועקגיין!
ווערט דאָס הינדעלע פאַרפאַלן,
און דאָס געגנדזעלע פאַרבלאָנדזשעט,
מאַמעס ווײַנשעלע פאַרלוירן —
וועט דער קוקוק אויך פאַרשווינדן,
וועלן פייגל זיך צעפליען
פון די הויכע בערג די היגע,
פון די הויכן פון מײַן היימלאַנד.

״איך וועל קיינמאָל אין מײַן לעבן
מיט די מיידל־טעג זיך שיידן,
מיט מײַן ארבעט, שפּילערײַען,
מיט די זומערדיקע זאָרגן!
ווער וואָלט יאַגעדעס געקליבן,
אָנגעפּילט דעם ברעג מיט זינגען,
און דעם וואַלד אַ־דורכגעגאַנגען,
און מיט שפּיל באַלעבט די פעלדער.״

און דער קאַוואַל אילמאַרינען,
ער, דער פיל־געלויבטער מייסטער,
לאָזט זײַן קאָפּ אַראָפּ אין טרויער,
רוקט דאָס היטל אויף אַ זײַט אָפּ,
און ער נעמט זיך טראַכטן־קלערן,
ווי ער זאָל אַ־היים איצט פאָרן,
צו זײַן היימלאַנד איצט דערגרייכן,
פון דער פינצטערער פּאָכיאָלאַ,
פון דעם נעפּל סאַריאָלאַ׳ס.

זאָגט די האַרין פון פּאָכיאָלאַ:
״אוי, דו מייסטער אילמאַרינען!
וואָס ביסטו אַזוי פאַרטרויערט,
אויף אַ זײַט פאַרוקט דאָס היטל?
אפשר מאַטערט דיך אַ בענקשאַפט,
און דו ווילסט אַ־היים איצט פאָרן?״

זאָגט דער קאַוואַל אילמאַרינען:
״יאָ, איך טראַכט איצט נאָר פון דאָרטן,
פון דער היים, וואו איך זאָל שטאַרבן,
וואו איך זאָל מײַן רו געפינען.״

און די האַרין פון פּאָכיאָלאַ
גיט דעם העלד גלײַך עסן, טרינקען,
זעצט אַרײַן אים אין דעם שיפל,
זעצט אים בײַ דעם קופּער־רודער,
און באַפוילט דעם ווינט צו בלאָזן,
הייסט דעם צפון ווינט פאַרווייען.

און דער קאַוואַל אילמאַרינען,
ער, דער פיל־געלויבטער מייסטער,
לאָזט אַ־היים צוריק זיך פאָרן
אויף די בלויע וואַסער־שטראָמען;
פאָרט ער איין טאָג און אַ צווייטן,
ענדלעך, אויף דעם דריטן טאָג ערשט
קומט ער אָן אַ־היים בשלום,
קומט אין אָפּשטאַם־לאַנד אין זײַנעם.

און דער אַלטער וואַינאַמאָינען
פרעגט דעם קאַוואַל אילמאַרינען:
״אילמאַרינען, ליבער ברודער,
אָ, דו פיל־געלויבטער מייסטער,
האָסטו אויסגעשמידט די סאַמפּאָ?
האָסטו שיין באַצירט דאָס דעקל?״

ענטפערט גלײַך אים אילמאַרינען,
ער, דער שמיד הויבט אָן צו ריידן:
״יאָ, זי מאָלט די נײַע סאַמפּאָ,
און עס דרייט זיך שטאַרק דאָס דעקל,
מאָלט פאַרטאָג נאָך אָפּ אַ מעסטל,
אָט־דאָס מעסטל איז אויף עסן,
מאָלט דאָס צווייטע צו פאַרקויפן,
און דאָס דריטע צו באַהאַלטן.״

# עלפטע רונע

## לעמינקיינען און קיליקי

לעמינקיינען גייט זוכן א ווייב צווישן די מייד־
לעך פון סאארי. אין אנהויב לאכן זיין פון אים.
שפעטער ווערן זיי פריינטלעך. אבער קיליקי,
וואס צוליב איר איז ער געקומען, וויל פון אים
ניט הערן. דער סוף איז, אז ער כאפט זי, נעמט
זי אריין צו זיך אין שליטן, און פירט זי מיט
געוואלט אוועק צו זיך א־היים. קיליקי וויינט
און ווארפט אים פאר, אז ער גייט שטענדיק
אף מלחמה. לעמינקיינען זאגט איר צו מער ניט
גיין אין קריג, אויב זי וועט ניט גיין צו די
דארפישע טענץ. זיי שווערן ביידע צו האלטן
ווארט. זיי קומען א־היים, און לעמינקיינעניס
מוטער פרייט זיך מיט דער שנור.

# ק א ל ע ו ו א ל א



ייט אצינד פון אכטי'ן ריידן,
פון צעברויזטן בחור זינגען.

אכטי איז אן אינדזל־אינגל,
לעמפי'ס זון — א בראווער בחור,
אין א פיינער שטוב געוואקסן,
ביי דער זייט פון ליבער מאמען,
אף דעם ראנד פון ברייטער בוכטע,
פונקט ביים בויג פון ווייטן ברעג־שפיץ.

קאָוקאָ פלעגט מיט פיש זיך נערן,
איז אף אָקוניעס געוואקסן,

**11טע**
**רונע**

און א שטארקער מאן געווארן,
אויפגעבליט, מיט רויטע באקן,
און א קאָפּ געהאט א שיינעם,
און אין וואוקס גאָר אויסגעצייכנט.
דאָך געהאט האָט ער חסרונות,
ניט געווען געהיט אין זיטן:
שטענדיק נאָר פארבראכט מיט ווייבער,
גאנצע נעכט ארומגעגאנגען,
וואו די מיידלעך פלעגן הוליען,
וואו די שייך־געלאָקטע טאנצן.

קילי איז סאארי'ס מיידל,
סאארי'ס מיידל, סאארי'ס בלימל,

אין אַ פיינער שטוב געוואַקסן,
שלאַנק אין וואוקס זיך אויסגעצויגן,
זיצנדיק אין הויף ביים טאַטן
אַף דעם נידעריקן בענקל.

האָט זיך ווייט איר רום צעטראָגן,
און פון אומעטום חתנים
ציען צו דער שטוב פון מיידל,
צו דעם הויף דעם פיל־געליבטן.

פאַר איר זון זוכט זון דאָס מיידל,
נאָר זי וויל ניט גיין אין זונלאַנד,
וויל ניט נעבן זון דאָרט שיינען,
נאָכלויפן דער זון אום זומער.

גאַרט לבנה׳ס זון צום מיידל,
וויל זי ניט לבנה׳ס שטיבל,
וויל ניט מיט לבנה שיינען,
וויל אין לופט־קרייז ניט אַרומגיין.

זוכט אַ שטערנס זון דאָס מיידל,
וויל זי ניט קיין היים פון שטערן,
וויל די לאַנגע נעכט ניט פינקלען
אַף דעם ווינטערדיקן הימל.

און מען קומט פון וויטן עסטלאַנד,
און פון אינגערן דער וויטער —
נאָר זי וויל ניט גיין אין ערגעץ,
גיט זיי אַלעמען איין ענטפער:
„איר פאַרשווענדט דאָס גאָלד אומ־
זיסט נאָר,
און צע׳פּטר׳ט אייער זילבער,
קיינמאָל גיי איך ניט קיין עסטלאַנד,
וויל ניט איצט און וועל ניט שפּעטער
שאַרן וואַסערן אין עסטלאַנד,
וויל די כוואַליעס דאָרט ניט מעסטן,
וויל קיין פיש אין עסטלאַנד עסן,
און קיין פיש־יויך ניט פאַרזוכן.

„כ׳גיי ניט קיינמאָל אויך קיין אינגערן
צו די זאַמדיק־וויסטע ברעגן,
ס׳איז אַ הונגער דאָרטן שטענדיק,
ס׳פעלט דאָרט אַלץ, עס פעלן שפּענער,
וואַסער פעלט דאָרט, ס׳פעלט דאָרט
ווייצנס,
ס׳פעלט דאָרט קאָרנברויט אפילו.

דאָך דער בראַווער לעמינקיינען,
ער, דער שיינער קאַוקאָמיעלי,
נעמט זיך אונטער גיין אַהינצו
שדכנ׳ען זיך צו דעם בלימל,
צו דעם ווייט־געליבטן מיידל,
צו דער שיין־געלאָקטער יונגפרוי.

נאָר עס רעדט אים אַף די מאַמע,
און זי וואָרנט אים, די אַלטע:
„זוך ניט, זונעלע, דעם שידוך,
רוק זיך ניט צום גרויסן יחוס,
קיינער וועט אַף דיר ניט קוקן
ביי די סאַאַרי־מיוחסים.״

זאָגט דער בראַווער לעמינקיינען,
זאָגט דער שיינער קאַוקאָמיעלי:
„אויב עס איז ניט גרויס מיין יחוס,
אויב מיין שטאַם איז ניט קיין הויכער,
וועל איך צוקלייבן אַ מיידל
נאָך מיין וואוקס און נאָך מיין אויסזען.״

נאָר עס לאָזט נאָך ניט די מאַמע
לעמינקיינענ׳ען אַוועקגיין
צו דעם הויכן שטאַם סאַאַרי׳ס,
צו דעם ווייט־באַרימטן שבט:

"מיידלעך וועלן פון דיר לאכן,
ווייבער — פון דיר חוזק מאכן."

ווינציק טראכט ער, לעמינקיינען,
און ער הויבט אזוי אָן ריידן:
"כ׳וועל ניט לאָזן ווייבער לאכן,
און קיין מיידלעך — חוזק מאכן,
כ׳וועל א קינד אַף ברוסט זיי וואַרפן,
אַף די הענט א משא לייגן,
און פאַרשטיקן דאָס געלעכטער,
און פאַרשטומען זייער חוזק."

נאָר די מאמע לאָזט זיך הערן:
"וויי איז מיר, און ווי מיין לעבן!
אויב דו שפּעטסט פון סאַארי׳ס ווייבער,
און באַליידיקסט דאָרט די מיידלעך,
וועסטו ברענגען נאָך אַן אומגליק,
וועט נאָך קומען צו געשלעגן,
וועלן די חתנים סאַארי׳ס,
הונדערט מאַן מיט שאַרפע שווערדן,
אַף דיר איינעם זיך א לאָז טאָן,
אַף דיין קאָפּ זיך אַלע וואַרפן."

ניט געהערט האָט לעמינקיינען
צו זיין מאמעס גוטער עצה,
און ער פירט ארויס זיין אָגער,
און ער טוט אים אָן דאָס צוימל,
און ער נעמט מיט אימפּעט פאָרן
צו דעם גרויסן דאָרף סאַארי׳ס,
זיך צו שדכנ׳ען צום בלימל,
דאָרט דאָס מיידל צו געווינען.

נאָר צעלאַכט זיך האָבן ווייבער,
און געשטיקט זיך האָבן מיידלעך,
ווי ער פאָרט אין גאַס משוגע,
ווי ער קומט אין הויף א ווילדער,
און קערט איבער דאָרט זיין שליטן,
און צעברעכט ניט שיר דעם טויער.

קריכט ארויס גלייך לעמינקיינען,
מויל צעקרומט און קאָפּ געזונקען,
און זיין שוואַרצע באָרד צעשויבערט,
און ער הויבט אזוי אָן ריידן:
"כ׳האָב אזוינס נאָך ניט געזעען,
קיינמאָל ניט געהערט אפילו,
ווייבער זאָלן פון מיר לאכן,
מיידלעך — פון מיר חוזק מאכן."

ווינציק הערט ער, לעמינקיינען,
און ער זאָגט ארויס די ווערטער:
"איז פאַראַן דאָ פּלאַץ אין סאַארי
אַף די ברייטע גרינע פעלדער,
ערגעץ־וואו צו קאָנען הוליען?
ערגעץ־וואו צו קאָנען טאַנצן
מיט סאַארי׳ס שיינע ווייבער,
מיט די שיין־געלאָקטע מיידלעך?"

זאָגן די סאַארי־ווייבער,
ענטפערן סאַארי׳ס מיידלעך:
"ס׳איז גענוג דאָ פּלאַץ אין סאַארי,
און די ערד איז דאָ א גלייכע,
און מען קאָן גענוג דאָ טאַנצן,
גיי די טשערעדע דאָ פּאַשען,
וועסטו ווערן דאָ א פּאַסטוך,
וועסטו אַף די פעלדער טאַנצן,
מאָגער זיינען סאַארי׳ס טעכטער,
פעטע זיינען נאָר די פערדלעך."

ווינציק טראַכט ער, לעמינקיינען,
און ער ווערט א פּאַסטוך־איינגל,
גייט ביי־טאָג אום אַף די פעלדער,
און ביי־נאַכט ערשט — צו די מיידלעך,

און ער שפּילט זיך אום מיט ווייבער,
און ער טאַנצט מיט שיינע מיידלעך.

אַט אַזוי האָט לעמינקיינען,
האָט דער שיינער קאָוקאָמיעלי,
ניט דערלאָזט די ווייבער לאַכן,
אָפּגעשטעלט דעם שפּאַס פון מיידלעך,
ניט געווען אין דאָרף קיין מיידל
פון די סאַמע שטילסטע טעכטער,
ער זאָל זיך מיט איר ניט האַלדזן,
ער זאָל ניט מיט איר פאַרווײלן.

איינע בלויז צווישן אַלע
אין דעם גרויסן שטאַם סאַאַרי׳ס,
זי נאָר טרייבט אַוועק חתנים,
און זי שענקט קיין בליק ניט קיינעם —
קיליקי די שיינע מיידל,
סאַאַרי׳ס סאַמע שענסטע בלימל.

און דער בראַוער לעמינקיינען,
ער דער שיינער קאָוקאָמיעלי,
האָט צעריסן הונדערט שטיוול,
הונדערט רודערס אויסגערודערט,
נאָכן מיידל אַלץ געלאָפן,
זי, קיליקי׳ן צו געווינען.

קיליקי, דאָס שיינע מיידל,
הויבט צו אים אַזוי אָן ריידן:
„זאָג, וואָס וואַנדערסטו דאָ, שוואַכלינג,
און דו דרייסט זיך אויף די ברעגן,
לויערסט אויף די היגע מיידלעך
מיט די ציך־באַצירטע גאַרטלען?
כ׳וועל צו דיר ניט גיין דאָך פריער,
איידער איך רייב אויס אַ מילשטיין,
איידער איך צעשטויס אַ שטויסל,
און צעברעך דעם אויבער־שטויסל.

„אַז איך וויל ניט אַזאַ נפש,
אַזאַ קבצן, אַזאַ שמאַטע,
כ׳וויל אַ מאַן אַ שלאַנקן האָבן,
איך אַליין בין דאָך אַ שלאַנקע,
כ׳וויל אַ שטאַלטנעם מאַן זיך נעמען,
איך אַליין בין שיין געפורעמט,
און ער זאָל זיין הויך־געוואַקסן,
איך אַליין בין הויך־געוואַקסן.“

ווינציק צייט איז נאָר אַריבער,
קוים אַוועק אַ האַלבער חודש,
טרעפט זיך אין אַ טאָג אַ שיינעם,
ווען דער אָוונט נעמט זיך טונקלען,
אַז עס שפּילן זיך די מיידלעך,
און זיי טאַנצן אַלע פריילעך
אויף אַ פעלד ביים ראַנד פון וועלדל,
אויף אַ שיינעם פּלאַץ אַ פלאַכן,
און קיליקי איז די ערשטע,
איז דאָס שענסטע מיידל סאַאַרי׳ס.

פלוצלינג קומט אָן לעמינקיינען,
ער, דער בראַוער בחור לעמפּי׳ס,
קומט צעפאָרן מיט זיין אָגער,
מיט דעם בעסטן פערד מיט זיינעם,
פאָרט אַריין אין מיטן שפּיל־פּלאַץ,
וואו עס טאַנצן אַלע מיידלעך,
טוט אַ כאַפּ צו זיך קיליקי׳ן,
שלעפּט זי גלייך אַריין אין שליטן,
בינדט אַרום זי מיט אַ רימען,
און באַפעסטיקט זי צום שליטן.

און ער טוט אַ שמייס דעם אָגער,
מיט דער בייטש אַ קנאַק אַ שטאַרקן,
און ער לאָזט זיך האַסטיק פאָרן,
און ער שרייט אויס צו די מיידלעך:

„קיינמאָל זאָלט איר ניט, אָ, מיידלעך,
אָט־דעם סוד דערציילן קיינעם,
אַז איך בין אהער געקומען
און דאָס מיידל צוגענומען.

„וועט איר אָבער מיך ניט פֿאָלגן,
וועט אַן אומגליק מיט אייך טרעפֿן:
כ׳וועל צו קריג און שווערד פֿאַרזינגען
אַלע מענער און חתנים,
און איר וועט פֿון זיי ניט הערן,
מער ניט הערן, און ניט זען מער
קיינמאָל אַף די גאַסן גייען,
קיינמאָל אַף די פֿעלדער פֿאָרן."

יאָמערלעך צעוויינט זיך קילי,
און עס קלאָגט סאַארי׳ס בלימל:
„לאָז אַרויס מיך אַף דער פֿרייהייט,
לאָז דאָס קינד אַרויס פֿון שליטן,
לאָז צוריק מיך צו מיין מאַמען —
זי וועט דאָרט אוודאי וויינען.

„אויב דו וועסט מיך איצט ניט לאָזן,
אַז איך זאָל אַ־היים אַוועקגיין,
האָב איך דאָך פֿינף שטאַרקע ברידער,
זיבן זין האָט אויך מיין פֿעטער,
וואָס געפֿינען האָזן־שפּורן,
וועלן זיי דאָס מיידל מאָנען."

נאָר ער לאָזט ניט גיין זי, אַכטי,
נעמט דאָס מיידל שטאַרקער וויינען,
און זי לאָזט אַזוי זיך הערן:
„אוי, אומזיסט בין איך געבוירן,
און אומזיסט גאָר אויפֿגעוואַקסן,
אָפּגעלעבט אומזיסט אַ לעבן,
און צולעצט אַריינגעפֿאַלן
צו אַ מאַן אַ נאַר, אַ בייזן,

וואָס וויל שטענדיק נאָר זיך שלאָגן,
ווי אַ ווילדער וויל ער שטרייטן."

זאָגט דער בראַווער לעמינקיינען,
ער, דער שיינער קאַוקאָמיעלי:
„הער נאָר אויס, מיין האַרץ קיליקי,
הער, מיין יאַגדעלע, דו זיסע —
וואַרף אַוועק איצט אַלע זאָרגן,
אַף די הענט וועל איך דיך טראָגן,
אָפּן שויס ביים עסן האַלטן,
אונטערן אָרעם —ביים שפּאַצירן,
אַף די הענט, ווען איך וועל זיצן,
ביי מיין זייט, ווען איך וועל רוען.

„זאָג, וואָס דאַרפֿסטו איצטער זאָרגן,
און וואָס דאַרפֿסטו קרעכצן, זיפֿצן?
אפֿשר זאָרגסטו זיך אַצינדערט,
און די ליגסט אין הוילע צרות,
טאָמער פֿעלט מיר קי און עסן,
און וועסט דאַרפֿן הונגער ליידן?

„האָסטו גאַרניט וואָס צו זאָרגן —
קי האָב איך גענוג און מערער,
און זיי גיבן מילך אַ־פֿולע,
היינט די יאַגעדעס אַף זומפֿן,
און די קאַלענעס אַף בערגלעך,
און טרעסקאַווקעס אַף די פֿעלדער:
אַכטונג געבן דאַרף ניט קיינער,
קיינער דאַרף די קי ניט היטן,
און מען בינדט זיי ניט אין אָוונט,
און מען דאַרף זיי ניט צעבינדן,
אינדערפֿרי קיין עסן געבן,
און פֿאַרטאָג קיין זאַלץ ניט שפּרייטן.

„אָדער אפֿשר טוסטו קלאָגן,
און דו זיפֿצט אַזוי פֿאַרצרה׳ט,

וואָס איך שטאַם פון קליינעם יחוס,
און איך קום פון פּראָסטע מענטשן?

„אויב איך שטאַם פון קליינעם יחוס,
און איך קום פון פּראָסטע מענטשן —
האָב איך דאָך אַ שווערד פון פייער
מיט אַ שאַרף אין הוילע פלאַמען,
וואָס איז גאָר פון הויכן יחוס,
און איז גרויס נאָך פון געבוירן,
היסי האָט די קלונג געשליפן,
אָנגעשאַרפט זי האָבן געטער,
כ'וועל מיט איר מיין שטאַם דערהויבן,
כ'וועל מיין יחוס גרעסער מאַכן
מיט מיין שאַרפן שווערד פון פייער,
מיט דער שאַרף אין הוילע פלאַמען."

נאָר דאָס מיידל זיפצט אין אַנגסטן,
און זי הויבט אַזוי אָן ריידן:
„אַכטי, זונעלע פון לעמפּי'ן!
אויב דו ווילסט דאָס שיינע מיידל,
שטענדיק ביי דיין זייט זי האַלטן,
ווי אַ טייבעלע זי צערטלען,
גיב אַ שבועה מיר, אַז קיינמאָל
וועסטו גיין שוין אויף מלחמה,
צי עס וועט נאָך גאָלד דיך ציען,
צי דער גלאַנץ פון זילבער רייצן."

און דער בראַוועד לימינקיינען
הויבט אַזוי צו איר אָן ריידן:
„אָט־אָ גיב איך דיר אַ שבועה
מער ניט גיין שוין אויף מלחמה,
צי עס וועט נאָך גאָלד מיך ציען,
אָדער גלאַנץ פון זילבער רייצן,
אָבער דו דאַרפסט אויך מיר שווערן,
אַז דו וועסט אין דאָרף נישט גייען,

ווען דו וועסט פאַרברענגען ווען,
אָדער גיין אַביסל טאַנצן."

און זיי גיבן זיך אַ שבועה,
ביידע שווערן זיך אויף אייביק
פאַר די אויגן פון באַשעפער,
דעם אַלמעכטיקן אין פּנים,
אַכטי זאָל אָן קריג פאַרגעסן,
קילי זאָל אין דאָרף ניט גיין מער.

און דער בראַוועד לעמינקיינען
טוט אַ לייכטן שמייס דעם אָגער,
טוט אַ טרייסל מיט די לייצעס,
און ער הויבט אַזוי אָן ריידן:
„זייט געזונט, אָ, סאַארי'ס פעלדער,
סאָסנע־וואָרצלען, טאַנען שטאַמען,
וואו איך האָב געוואַנדערט זומער,
דורכגעשפּאַנט אַ ווינטער פריער,
און אין טריבע נעכט געוואַנדערט,
און אין שטורעם אומגעלאָפן,
און געזוכט דאָס שיינע הינדל,
נאָך דעם קאַטשקעלע געיאָגט זיך."

און עס לויפט דער אָגער מונטער,
אָט־אָ זעט מען שוין דאָס היימלאַנד,
און עס רופט זיך אָן דאָס מיידל,
און זי הויבט אַזוי אָן ריידן:
„זעסט דאָס שטיבל דאָרט פון וויטן?
ס'קוקט מיר אויס נאָר ווי אַ נאָרע,
בעטלער מוזן דאָרטן וואוינען,
ניט קיין לייט פון הויכן יחוס."

נאָר דער בראַוועד לעמינקיינען
גיט אַזוי איר גלייך אָן ענטפער:
„זאָרג זיך גאָר ניט פאַר דעם שטיבל,
קימער זיך ניט פאַר דעם ביידל,

איך וועל בויען נייע שטיבער,
צימערן דיר גוטע מאכן,
בויען פון די שענסטע באלקנס,
פון געהילץ דעם סאמע בעסטן."

אַט אזוי איז לעמינקיינען
צו זיין היים צוריקגעקומען,
אומגעקערט זיך צו זיין מאמען,
צו זיין ליבער אלטער מאמען.

הויבט די מאמע אָן צו ריידן,
און זי לאָזט אזוי זיך הערן:
"אוי, ווי לאנג דו ביסט פארבליבן
אין די פרמדע לענדער, זונע!"

זאָגט דער בראווער לעמינקיינען,
ער אליין הויבט אָן צו ריידן:
"זאָלן איצטער סאריי'ס ווייבער
און די אומשולדיקע מיידלעך
פרוּוון פון מיר חוזק מאכן,
וואָס איך האָב די סאמע שענסטע
צוגעכאפט צו זיך אין שליטן,
איינגעהילט זי אין א דעקע
און פארפעסטיקט צו די לייסטן,
אונטער פעל זי טיף באהאלטן,
און באצאָלט זיי פארן לאכן,
אָפּגעצאָלט זיי פאר דעם שפּעטן.

"אוי, געליבטע מאמע מיינע!
אוי, באשיצערין דו מיינע!
כ'האָב געפונען די געגארטע,
כ'האָב מיין אויסגעבענקטע איצטער,
גרייט־זשע צו דאָס בעסטע בעטצייג,
און די סאמע ווייכסטע קושנס,
איך זאָל ענדלעך אין מיין היימלאנד
מיט מיין מיידל קאָנען רוען."

הויבט די מוטער אָן צו ריידן,
און זי לאָזט אזוי זיך הערן:
"זיי געלויבט, אָ, דו באשעפער!
יומאלא, איך דאנק דיר איצטער
פאר דער צוגעשיקטער טאכטער;
זי וועט פייער מיר צעבלאָזן,
און זי קאָן אוודאי וועבן,
זי וועט אויפוויקלען די פעדים,
וועט די וועש אליין צעוואשן,
וועט די לייוונט זויבער מאכן.

"דו אליין דארפסט גאָט איצט לויבן!
האָסט מיט אלעם צוגעטראָפן,
ס'האָט א גליק דיר דאָך געטראָפן,
צוגעשיקט פון דעם באשעפער:
ריין אַף שניי איז האמער־פויגל,
דיין באשערטער איז נאָך ריינער,
ווייס איז דאָך דער שוים אַף ימים,
נאָר דיין מאן איז פיל־פיל ווייסער,
שיין אַף וואסערן — די מעווע,
דיין געגארטער איז נאָך שענער,
העל אין הימל זיינען שטערן,
נאָר דיין מאן איז ווייט נאָך העלער.

"בוי אצינד א שטוב א נייע,
ברייטער מאך דאָרט אלע פענצטער,
מאך די נייע ווענט נאָך שטארקער,
מאך די גאנצע שטוב איצט בעסער,
פאר דער שטוב לייג אויס די שוועלן,
אַף די שוועלן — נייע טירן,
האָסט דאָס מיידל דאָך געוואונען,
אזא שיינע אויסגעקליבן,
זי וואָס קומט פון גרויסן יחוס,
פון א מעכטיקערן שבט."

# צוועלפטע רונע

## לעמינקיינען לאָזט זיך קיין פּאָכיאָלא

קילי ברעכט איר שבועה: זי גייט אין דאָרף אַריין טאַנצן. לעמינקיינען פאַרטרייבט זי. ער וויל איצט גיין זיך שדכניען צום מיידל פון פּאָכיאָלאַ. די מוטער רעדט אים אָפּ. זי זאָגט, אַז מען וועט אים דאָרט דערשלאָגן. אַן אויפּגערעגטער, טוט לעמינקיינען אַ וואָרף דאָס בערשטל, מיט וועלכן ער קעמט די האָר, און זאָגט, אַז אויב פון בערשטל וועט נעמען קאַפּען בלוט, וועט ער זיין אין אַ גרויסער סכנה. ווען ער קומט קיין פּאָכיאָלאַ פאַרכישופט ער מיט געזאַנג אַלע מענער. ער פאַרגעסט אָבער דעם שלעכטן הויקער פּאַסטוך.

## 12טע רונע



ון ס׳האָט אכטי לעמינקיינען,
ער, דער שיינער קאָוקאָמיעלי,
אָפּגעלעבט א צייט גאנץ רואיק
מיט דער יונגער שיינער מיידל.
אכטי גייט ניט אַף מלחמה,
קילי גייט אין דאָרף ניט קיינמאָל.

איינמאָל, אין א טאָג א שיינעם,
אין א פריער מאָרגן־שטונדע,
לאָזט צום פלאַץ זיך לעמינקיינען,
וואו די פישן לייגן רויגן,
און ער קומט ניט יענעם אָוונט,
און ביי־נאכט פארבלייבט ער דאָרטן,
איז אין דאָרף אוועק קיליקי,
דאָרטן טאנצן מיט די מיידלעך.

ווער־זשע וועט דאָס איצט דערציילן,
ווער וועט ברענגען די ידיעה?
אכטי׳ס שוועסטערל, אניקי,
זי וועט אים שוין אלץ דערציילן,
זי וועט ברענגען די ידיעה:
"הער, מיין ליבער ברודער אכטי,
קילי איז אין דאָרף געגאנגען,
צו די טויערן די פרעמדע,
וואו די יונגוואַרג טוט פארווילן,
וואו די שיינע מיידלעך טאנצן.

ווערט ער, אכטי, מאמעס ליבלינג,
אָט־דער בראַווער לעמינקיינען,
ווערט ער אויפגעבראכט אין טרויער,
און ער זיצט א צייט א בייזער,
און ער הויבט אזוי אָן ריידן:
"הער, מיין ליבע אלטע מאמע!
וואש מיר שנעלער אויס א העמדל
אין דעם סם פון שווארצע שלאנגען,
טריקן דאָס מיר אויס וואָס שנעלער,
ווייל איך גיי איצט אַף מלחמה
צו די היימען פון פּאָכיאָלא,
צו די פעלדער פון דעם נאָרדלאנד —
קילי איז אין דאָרף געגאנגען,
אין א פרעמדן הויף געוועזן,
צו פארווילן דאָרט מיט יונגוואַרג,
מיט די שיינע מיידלעך טאנצן."

הויבט קיליקי אָן צו ריידן,
כאַפּט זיך זאָגן שנעל די ווערטער:
„אוי, מיין ליבער מאַן, מיין אכטי!
גיי ניט איצטער אַף מלחמה,
כ׳האָב אין שלאָף געזען א חלום,
דרימלענדיק — א מאָדנע זעאונג —
פייער שלאָגט ווי פון אן אויוון,
האסטיק רייסן זיך די פלאמען
דורך דעם פענצטער גלייך אין שטיבל,
ביי דעם ראַנד פון וואַנט דער הויכער,
און זיי רייסן זיך אין צימער,
רוישן ווי די וואַסערפאַלן,
פון דעם דיל און ביז דער סטעלי,
פון א פענצטער צו א פענצטער.״

נאָר דער בראַווער לעמינקיינען
הויבט אַזוי אָן גלייך צו ריידן:
„כ׳גלויב אַזוי אין ווייבס חלומות,
ווי איך גלויב אין אירע שבועות!
מאמע, האָסט מיך אויסגעטראָגן,
ברייגג מיר דאָס מלחמה־העמדל,
און דעם פּאַנצער פאַר די שלאַכטן,
עפּעס טרייבט מיך צו געשלעגן,
טרייבט מלחמה־ביר צו טרינקען,
האָניק פון א שלאַכט פאַרזוכן״

הויבט די מוטער אָן צו ריידן:
„ליבער אכטי, זונע מיינער!
גיי ניט איצטער אַף מלחמה,
ביר איז אויך אין שטוב פאַראַנען
אין די פּעסעלעך פון סאָסנע,
מיט די קרענטעלעך פון דעמבע,
צוגעגרייט פאַר דיר צו טרינקען,
קענסט א גאַנצן טאָג דאָ טרינקען.״

זאָגט דער בראַווער לעמינקיינען:
„ווער וויל היימיש ביר גאָר טרינקען!
בעסער טרינקען שמוציק וואַסער
פון פאַרשמירטע וועסלע־שפּיצן,
דאָס געטראַנק איז מיר שוין זיסער,
ווי דאָס היימיש ביר צו טרינקען.
ברענג מיר מיין מלחמה העמדל,
און דעם פּאַנצער פאַר די שלאַכטן,
צו די נאָרדלאַנד־שטיבער גיי איך,
צו די פעלדער פון פּאָכיאָלא,
רויטן גאָלד ביי זיי פאַרנעמען,
אוצרות זילבער דאָרט פאַרכאַפּן.״

זאָגט די מאמע לעמינקיינען׳ס:
„אכטי, ליבער זונע מיינער!
גאָלד איז אויך אין שטוב פאַראַנען,
און ס׳איז דאָ אין קאַמער זילבער.
נעכטן ערשט האָט דאָס געטראָפן:
אין דער פריער מאָרגן־שטונדע
האָט דער קנעכט דאָס פעלד געאַקערט
אין דעם ווינקל פון די שלאַנגען,
הויבט דער אַקער אויף א דעקל,
און אין קאַסטן גאָלד געפונען,
הונדערט שטיקער אויפגעזאַמלט,
טויזנט שטיק געווען באַהאַלטן,
האָט ער גלייך געבראַכט דעם קאַסטן,
און אין קאַמער אים באַהאַלטן.״

זאָגט דער בראַווער לעמינקיינען:
„ווער דאַרף גאָלד פון קאַמער האָבן!
כ׳וויל אין קריג מיר קריגן זילבער,
וועט דאָס זיין מיר ליב און טייער,
מערער ווי דאָס גאָלד פון קאַמער,
ווי דאָס אויסגעאַקערט זילבער,
ברענג מיר מיין מלחמה־העמדל,
ברענג דעם פּאַנצער פאַר די שלאַכטן,
איך וויל גיין איצט קיין פּאָכיאָלא
מיט די לאַפּלאַנד־קינדער שטרייטן.

"עפּעס טוט אהין מיך ציען,
איין געדאנק נאָר האָב איך איצטער —
זען אַליין מיט מיינע אויגן,
און אַליין דאָס טאַקע הערן,
צי האָט לאַפּלאַנד כאַטש איין מיידל,
צי פּאָכיאָלאַ האָט אַ יונגפרוי,
וואָס זאָל ניט קיין חתן וועלן,
וואָס זאָל נאָך קיין מאַן ניט גאַרן."

זאָגט די מאַמע לעמינקיינענ'ס:
"אַכטי ליבער, זונע מיינער!
האָסט אין שטוב קיליקי'ן איצטער,
זי איז דאָך פון אַלע שענער,
און ס'איז פּריקרע זען צוויי ווייבער
אין איין בעט פון מאַן צו שלאָפן."

זאָגט דער בראַווער לעמינקיינען:
"קילי טוט אין דאָרף דאָך לויפן,
זאָל זי גיין צו אַלע שפּילן,
אין אַ יעדן הויז גיין שלאָפן,
מיט דער יונגוואַרג זיך פאַרווײַלן,
מיט די שיינע מיידלעך טאַנצן."

אָפּהאַלטן אים וויל די מאַמע,
און זי וואָרנט אים די אַלטע:
"גיי ניט, זונדעלע מיין ליבער,
צו די ווייטע נאָרדלאַנד־שטיבער,
גיי ניט, ליבער, אָן קיין כּישוף,
אָן דערפאַרונג און אָן חכמה
צו די פייערן פּאָכיאָלאַ'ס,
צו די פעלדער פון דעם נאָרדלאַנד!
ס'וועט דער לאַפּלאַנד־יונג מיט לידער,
און דער טוריאַ־מענטש מיט כּישוף,
דיך אין הייסע קוילן זינקען,
מיט דיין קאָפּ אין פלאַמען לייגן,

און די הענט מיט זשאַר פאַרדעקן
אויף די שטיינער די צעגליטע."

זאָגט דער בראַווער לעמינקיינען:
"שוין פאַרשפּראָכן פון מכשפים,
שלאַנג שוין האָבן מיך פאַרשאָלטן,
דריי לאַפּלאַנדער אויף מיר איינעם
אין אַ זומער־נאַכט געקומען,
נאַקעטע, אויף הויכע פעלזן,
אָן אַ קלייד און אָן אַ פאַרטוך,
אָן אַ גאַרטל אויף די לייבער —
האָבן זיי ביי מיר געקראָגן,
וואָס אַ האַק פון פעלז קאָן קריגן,
וואָס אָן עקבער קריגט פון שטיינער,
אָן אָפּצאַס — פון אייז פון גלאַטן,
און דער טויט — אין פוסטע שטיבער.

"ווידער האָבן זיי געסטראַשעט,
דאָך פאַרענדיקט האָט זיך אַנדערש:
מיך געוואָלט מיט כּישוף זינקען,
אין אַ טיפן זומפּ פאַרשטעקן,
ביז צום קין אין בלאָטע שפּאַרן,
ביז דער באָרד אַרונטערשטופּן,
אָבער איך בין ניט פון מענער,
וואָס פאַרלירן זיך אין נויטן,
כ'האָב פּאַר זיי זיך ניט דערשראָקן,
כ'האָב אַליין גענומען זינגען,
און מיט כּישוף גלייך פאַרשפּראָכן
די מכשפים און די פיילן,
און די שיסער מיט די בויגנס,
די חכמים מיט די מעסערס,
אַלע זינגער מיט די שפּיזן,
און אַריינגעוואָרפן אַלע
אין טואָני'ס וואַסערפאַלן,
אין דעם ברויזנדן געווירבל,
אין דעם קעסלגרוב דעם טיפסטן,

אונטערן וואסערפאל דעם העכסטן,
זאָלן דאָרט די שפּרעכער דרימלען,
די מכשפים רואיק שלאָפן,
ביז דאָס גראָז וועט נעמען וואקסן
דורך די קעפּ און דורך די היטלען,
דורך די אקסלען פון די שפּרעכער,
דורך דעם פלייש פון די מכשפים,
פון די שלאָפנדע פארשפּרעכער,
פון פארשפּראָכענע מכשפים."

נאָר עס לאָזט ניט אלץ די אלטע
לעמינקייגענ׳ען אוועקגיין,
מאמע וויל דעם זון פארהאלטן,
ווידער טוט זי ביי אים בעטן:
"גיי ניט, טייערער, פון דאנען,
זאָלסט ניט גיין אין דאָרף אין קאלטן,
אין דעם פינצטערן פּאָכיאָלא!
דאָרטן וואַרט אף דיר אַן אומגליק,
טויט און אומקום וואַרטן דאָרטן;
אוי, מיין ליבער לעמינקייגען,
ווען דו רעדסט מיט הונדערט מיילער,
און דאָס קאָן מען דאָך ניט גלויבן,
וועסטו קיינמאָל מיט דיין זינגען
נאָרדלאַנד׳ס זין אין וואסער ווארפן,
קאָנסט די לאפּלאנד־שפּראך ניט ריידן,
ווייסט ניט ווי מען רעדט אין טוריא."

נאָר דער בראוער לעמינקייגען,
ער, דער שיינער קאָוקאָמיעלי,
הויבט די האָר זיך אָן צו קעמען,
נעמט זיי גלעטן מיט דעם בערשטל,
און ער טוט א וואַרף דאָס בערשטל
צו דעם טירל פון דעם אויוון,
און ער הויבט גלייך אָן צו ריידן,
און ער לאָזט אזוי זיך הערן:
"דעמאָלט בלויז וועט בייזער אומגליק
לעמינקייגענ׳ען באטרעפן,
ווען עס וועלן רויטע טראָפּן,
שוימיק בלוט פון בערשטל פליסן."

און דער בראוער לעמינקייגען
גייט אין פינצטערן פּאָכיאָלא,
ניט געפאָלגט האָט ער זיין מאמען,
ניט געהערט האָט ער איר וואָרנונג.

און ער נעמט צום קריג זיך גרייטן,
טוט זיך אָן דאָס העמד פון אייזן,
גארטלט צו פון שטאָל דעם גארטל,
און ער הויבט אזוי אָן ריידן:
"שטארקער איז א מאן אין פאנצער,
בעסער אין א העמד פון אייזן,
קרעפטיקער — אין שטאָל פארגארטלט
צווישן יענע כשופמאכער,
איז דער ערגסטער אים ניט שרעקלעך,
ניט געפערלעך אויך דער שטארקסטער."

און ער כאַפּט דעם שווערד דעם שארפן,
נעמט דעם קלונג, ווי פלאמיק פייער,
אויסגעשארפט האָט אים נאָך היסי,
יומאלא אליין — געשליפן,
און ביים זייט אים אָנגעהאנגען,
און אריינגעלייגט אין שיידל.

דאָך וואו זאָל דער מאן זיך שטעלן,
און וואו זאָל דער העלד זיך שיצן?
ער באהאלט זיך אויס אביסל,
שטיל פארבארגט דער העלד זיך דאָרטן,
ביי דער טיר און לעבן באלקן,
ביים אריינגאנג אין דעם שטיבל,
אָף דעם סאמע הויף אין געסל,
און ביים סאמע וויטסטן טויער.

און ער האָט זיך שטיל באַהאַלטן,
זיך פאַרבאָרגן פון די ווייבער,
אָבער דאָס איז קנאַפּ געווען,
ניט געקאָנט קיין סך אים העלפן,
און געמוזט אוועק נאָך ווייטער
פון דער מחנה שטאַרקע מענער,
דאָרטן, וואו דער וועג צעטיילט זיך,
ביי דעם בלויען שטיינער־רוקן,
ביי די טרייסלענדיקע זומפּן,
וואו עס רוישן שטאַרק די כוואַליעס,
ביי דעם וואַסערפאַל־געווירבל,
ביי דעם בויג פון דעם געוויסער.

און דער בראַווער לעמינקיינען
הויבט גלייך אָן אַזוי צו ריידן:
„פון דער ערד אַרויס קומט העלדן!
פון די קוואַלן קומט, איר שטרייטער,
בויגנשיסער — פון די טייכן,
קום, דו וואַלד מיט דיינע מענער,
קומט חיילות פון דעם וועלדל,
גרייז פון בערג, ברענג דיינע קרעפטן,
וואַסער־היסי, — דיינע שרעקן,
וואַסער־מוטער, ברענג דיין כוח,
וואַסער־גרייז, דו ברענג דיין מחנה,
קומט איר מיידלעך פון די טאָלן,
טויכט אַרויס פון אַלע קוואַלן,
קומט דעם מאַן אַצינד באַשיצן,
ווי חברים קומט אים העלפן,
מאַכט די פיילן אַלע שטומפּיק,
מאַכט צו־נישט די מעסער־שניטן,
מאַכט זיי קאַליע אַלע וואָפן,
אַז קיין פייל זאָל מיך ניט טרעפן,
און קיין מעסער מיר ניט גרייכן.

„אויב אַט־דאָס איז ניט גענוג נאָך,
האָב איך נאָך אַ שטאַרקער מיטל:
כ׳וועגד זיך מיט געבעט צום הימל,
רוף דעם אויבערשטן מיר העלפן,
אים, וואָס הערשט אַף אַלע וואָלקנס,
וואָס געוועלטיקט אַף דעם הימל.

„אוקקאָ, גאָט דו מיינער אויבן,
פאָטער אַלטער, דאָרט אין הימל,
דו, וואָס אָטעמסט צווישן וואָלקנס,
דו, וואָס רעדסט דאָרט אין דער לופטן,
דו גיב מיר אַ שווערד פון אייזן,
און אַ שיידל — הוילע פייער,
קעגן אומגליק זיך צו ווערן,
אויסצומיידן איצט דעם אומקום,
צו באַזיגן די מכשפים
פון דער ערד און פון דעם וואַסער,
די, וואָס שטייען מיר אַנטקעגן,
די, וואָס שטייען מיר אין רוקן,
איבער קאָפּ און ביי די זייטן,
און אַרום אין אַלע עקן,
העלף פאַרשפּרעכן די מכשפים
מיט די פיילן, מיט די מעסערס,
מיט די בלאַנקענדיקע שווערדן,
און די שטאַרקע וואָפן אַלע.״

נאָכדעם הויבט אָן לעמינקיינען,
ער, דער שיינער קאַוקאָמיעלי,
פייפן צו זיין פערד אין וועלדל,
רופט פון פעלד זיין גאָלד־קאָלירטן,
און ער טוט אים אָן דאָס צוימל,
שפּאַנט אים איין אין די האָלאָבליעס,
און ער גייט אַריין אין שליטן,
און ער זעצט זיך דאָרט אַנידער,
און ער גיט אַ שמייס דעם אָגער
מיט דער בייטש דער פיל־געקנופּטער,
הויבט דאָס פערד אָן האַסטיק לויפן,
און עס גליטשט זיך שנעל דער שליטן,

און צעשטויבט די זילבער־זאמדן,
און פארטויבט די גאָלדענע פעלדער.

פאָרט ער איין טאָג און א צווייטן,
פאָרט כסדר נאָך דעם דריטן,
ענדלעך, אף דעם דריטן טאָג ערשט
קומט דער העלד אָן אין א דערפל.

און ער יאָגט זיך, לעמינקיינען,
יאָגט זיך אף דעם שליאַך גערוישיק,
אף דער הינטער־גאַס דער עקסטער
צו דעם סאַמע לעצטן שטיבל,
און ער הויבט ביים שוועל אָן ריידן,
אף דעם גאניקל נאָך פרעגט ער:
"איז ניטאָ אין שטיבל קיינער
לויז צו מאכן פּאָסטעראַמקעס,
און אראָפּדריקן די דישליעס,
צי אראָפּלאָזן האָלאָבליעס,
און אראָפּשלעפּן דעם כאָמוט."

זיצט אף ד'רערד א קליינער אינגל,
ענטפערט אים פון שוועל דער אינגל:
"ס'איז אין שטוב ניטאָ איצט קיינער
אף צעבינדן פּאָסטעראַמקעס,
די האָלאָבליעס נאָכצולאָזן,
און אראָפּשלעפּן דעם כאָמוט."

זאָרגט זיך ווינציק לעמינקיינען,
און ער טוט א שמייס דעם אָגער,
און ער לאָזט אים יאָגן שנעלער,
לויפט דאָס פערד גערוישיק ווייטער
אף דעם מיטל־וועג שוין איצטער,
צו דער שטוב, וואָס שטייט אין מיטן,
און הויבט אָן ביים שוועל צו פרעגן,
ביי דער טיר שוין וויל ער וויסן:
"איז אין שטוב ניטאָ איצט קיינער,
וואָס זאָל צוהאַלטן די לייצעס,
און צעבינדן אלע רימענס
אף דעם האַלדז און ברוסט פון אָגער?"

רופט פון אויוון אים א זקנה,
שרייט פון בענקעלע ארונטער:
"יאָ, דו וועסט אָ־דאָ געפינען
ווער ס'זאָל צוהאַלטן די לייצעס,
און צעבינדן פּאָסטעראַמקעס,
די האָלאָבליעס נאָכצולאָזן,
קאָנסט א צענדלינג מענער טרעפן,
אויב דו דאַרפסט נאָר — גאַנצע הונדערט,
דיך פון דאַנען צו פארטרייבן,
פערד נאָך געבן אף צו פאָרן,
און א־היים, דו לומפּ, דיך ברענגען,
אין דיין היימלאַנד, שלעכטער יונג דו,
צו דיין טאַטן אפן בענקל,
אין דעם שטיבל פון דיין מאַמען,
צו דיין ברודער דאָרט ביים טויער,
אף דעם דיל צו דיינע שוועסטער,
איידער עס פארגייט דער טאָג נאָך,
איידער ס'וועט די זון זיך זעצן."

זאָרגט זיך ווינציק לעמינקיינען,
און ער הויבט אזוי אָן ריידן:
"שיסן דאַרף מען אָט־די אַלטע,
אזא פּלאַפּלערין — דערשלאָגן."
און ער יאָגט זיין פערד שוין ווידער,
שטורעמט אף דעם וועג אַלץ ווייטער,
פאָרט שוין אף דעם הויפּט־וועג איצטער,
לאָזט זיך צו דעם גרעסטן שטיבל.

ווי דער בראַוער לעמינקיינען
איז צום הויף נאָר צוגעקומען,
הויבט ער אָן אזוי צו ריידן:
און ער לאָזט אזוי זיך הערן:
"שליס ביים הונט דאָס מויל צו, היסי!
נעם פארשטאָפּ זיין מאַרדע, לעמפּאָ!

זאָל זיין פּיסק ניט קאָנען בילן,
לייג א שלאָס אים אַף די ציינער,
לאָז אים ניט קיין פּיפּס טאָן איצטער,
ווען א מאַן וועט דאָ פאַרבייגיין."

ווי ער איז אריין אין הויף נאָר,
נעמט ער גלייך די ערד זיך בייטשן,
און עס הויבט זיך אויף א נעפּל,
און אין נעפּל שטייט א מענטשל,
וואָס צעבינדט די פּאַסטעראַמקעס,
און מאַכט לויז אים די האַלאַבליעס.

און דער בראַווער לעמינקיינען
הויבט זיך גלייך אָן איינצוהערן,
נאָר געזען האָט אים ניט קיינער,
קיינער ניט באַמערקט אפילו,
און ער הערט אין הויף דאָרט לידער,
דורך דעם מאָך דערהערט ער ווערטער,
דורך די ווענט דערהערט ער שפּילן,
דורך די ברעטער הערט ער זינגען.

נעמט ער קוקן אינעווייניק,
שטיל אריינקוקן אין שטיבל,
איז דאָס פול מיט כישופמאַכער,
אָנגעפּילט מיט לויטער זינגער,
ביי די ווענט דאָרט שטייען שפּילער,
ביים אריינגאַנג זיצן זעערס,
אַף די בענקעלעך — פאַרשפּרעכער,
און די זנאַכערס — אויפן אויוון,
זינגען לידער אַף לאַפּלאַנדיש,
זינגען בלויז די היסי־לידער.

און דער בראַווער לעמינקיינען
נעמט זיך איצטער איבערוואַרפן,
און ער בייט זיין גרויס גלייך איבער
און ער קריכט אריין אין שטיבל,
גייט אריין גלייך אינעווייניק,
און ער הויבט אזוי אָן ריידן:
"א געזאַנג ביים סוף איז שענער,
און א קורצע ליד איז פיינער,
בעסער איז צו שפּאָרן חכמה,
ווי אַף העלפט זי צו צעברעכן."

טוט די האַרין פון פּאָכיאָלאַ
אַף דעם דיל א גיי די ערשטע,
שטעלט זיך אין דער מיט אנידער,
און זי הויבט אזוי אָן ריידן:
"פריער פלעגט א הונט דאָ בילן,
איז ער גרוי געווען ווי אייזן,
און פלעגט פרעסן פלייש און ביינער,
און מיט פרישן בלוט פאַרטרינקען,
זאָג, ווער ביסטו פון די מענער,
פון א־וועלכע העלדן קומסטו,
וואָס דו ביסט אין שטוב געקומען,
און אריין צו אונז אין וואוינונג,
ניט דערהערט פון הינט אפילו,
ניט דערשמעקט גאָר פון קיין בילער?"

זאָגט דער בראַווער לעמינקיינען:
"כ'בין אהער אריינגעקומען
ניט אָן קונסט, און ניט אָן וויסן,
ניט אָן מאַכט, און ניט אָן חכמה,
ניט אָן כישוף פון מיין טאַטן,
אָן די שפּרוכן פון די זיידעס,
אז דיין הונט זאָל מיך דאָ פרעסן,
און די בילער מיך צערייסן.

"ס'האָט מיין מאַמע מיך געוואַשן,
מיך אלס שוואַכן קינד געבאָדן
דריי מאָל אין א נאַכט פון זומער,
גאַנצע ניין מאָל אין א האַרבסט־נאַכט,
מיך געלערנט אלע לערעס,

און פון אלע לענדער כישוף,
אין דער היים צו זיין א זינגער,
אין דער פרעמד — א כישופמאכער."

און דער בראווער לעמינקיינען,
ער, דער שיינער קאָוקאָמיעלי
נעמט זיך זאָגן כישוף־שפּרוכן,
זינגען זיינע כישוף־לידער,
הויבט פון פעלץ אַן שפּריצן פונקען,
פלאמען פליען אין די אויגן
ביים געזאַנג פון לעמינקיינען,
ביים געזאַנג און ביי דעם כישוף.

זינגט ער, און די בעסטע זינגער
ווערן פּלוצים גאָר די ערגסטע,
שטאָפּט זיי אָן מיט שטיין די מיילער,
פּילט מיט פעלזן אָן די גאָרגלען
פון די זינגער די באַרימטע,
פון די גרויסע כישופמאכער.

ער פאַרשפּרעכט די שטאָלצע מענער,
און פאַרשיקט זיי ווייט און ווייטער,
אויף די לאַנקעס אָן א גרעזל,
אויף די פעלדער ניט צעאַקערט,
און אין ימים אָן א פישל,
וואו דער אָקון קאָן ניט לעבן,
אין די קוריא וואַסערפאַלן,
אין דעם פלאַמיקן געווירבל,
אין די שוים־באַדעקטע שטראָמען,
זיי אַוועקגעשטעלט ווי שטיינער,
דאָרט ווי פייער שטענדיק ברענען,
דאָרטן פלאַטערן ווי פונקען.

ווייטער זינגט ער, לעמינקיינען,
און פאַרשפּרעכט א־יעדן איינעם —
אלע מענער מיט די שווערדן,

און די העלדן מיט די וואָפן,
און די אלטע און די יונגע,
אלע פון דעם מיטעלן עלטער,
נאָר פאַרזען האָט ער א פאַסטוך,
בלויז אַן אלטן בלינדן פאַסטוך.

זאָגט נאָס־היטעלע דער פאַסטוך:
"אוי, דו בראַווער לעמינקיינען,
מיט דיין ליד האָסטו באַצוואונגען
אי די יונגע, אי די אלטע,
אלע פון דעם מיטעלן עלטער,
וואָס־זשע ווילסטו מיך נאָר שוינען?"

ענטפערט גלייך אים לעמינקיינען:
"ווייסט פאַרוואָס איך שוין דיך איצטער?
ווייל ס'א שרעק אויף דיר צו קוקן,
ביסט שוין מיאוס אָן מיין כישוף,
נאָך אין דיינע יונגע יאָרן,
ווי א פאַסטוכל א קליינער,
האָסטו אומגעבראַכט די ברידער,
דיינע שוועסטערלעך געשענדעט,
דו האָסט אלע פערד פאַרמאַטערט,
און די לאָשעקלעך קאַליעטשעט,
אויף די זומפּן, אויף די פעלדער
און אויף טרייסלענדיקן באָדן."

נאָר נאָס־היטעלע דער פאַסטוך,
אויפגעבראַכט, אין שטאַרקן צאָרן,
איז אַרויס פון טיר אינדרויסן,
און פון הויף צום פעלד געלאָפן,
און אַוועק צום שטראָם פון טויטע,
צו די הייליקע קעסלגריבער,
אָפּצוואַרטן קאַוקאָמיעלי'ן,
לויערן אויף לעמינקיינען,
ביז ער וועט שוין פון פּאָכיאָלאָ,
צו זיין ליבן היימלאַנד פאָרן.

# דרייצענטע רונע

## היסי'ם הירש

לעמינקיינען זאָגט צו דער האַרין פון פּאַכיאַלאַ,
אַז זי זאָל אים געבן איר שיינע טאָכטער. אָבער
די אַלטע הייסט אים אַ־פּריער כאַפּן היסייס
הירש אף גליטשערס. ער לאָזט זיך אַרויס אף
געיעג, אָבער ער צעברעכט אַ גליטשער און
דעם שפּיז.

# קאלעוואלא



אָגט דער בראָווער לעמינקיינען
צו דער האַרין פון פּאָכיאָלאַ:
"גיב מיר, אלטע, דיינס א מיידל,
ברענג אהער דיין שיינע טאָכטער,
גיב פון אלע מיר די שענסטע,
גיב די העכסטע פון די מיידלעך."

ענטפערט אים די אלטע האַרין,
און זי הויבט אזוי אָן ריידן:
כ'וועל מיין טאָכטער דיר ניט געבן,
ניין, איך גיב דיר ניט קיין מיידל,
ניט די בעסטע, ניט די ערגסטע,
ניט די העכסטע, ניט די קלענסטע,
האָסט שוין לאנג א ווייב גענומען,
לאנג א־היים געבראכט א ווירטין."

זאָגט דער בראָווער לעמינקיינען:
"קילי ליגט אין דאָרף געבונדן,
ליגט אין דאָרף ביי דעם אריינגאנג,
ביי די פרעמדע הינטער־טירן,
זוך איך איצט א בעסער ווייבל,
גיי און ברענג ארויס דיין טאָכטער,

ברענג די שענסטע פון זיי אלע,
פון די שייך־געלאַקטע מיידלעך.

זאָגט די האַרין פון פּאָכיאָלאַ:
"כ'וועל ניט אָפּגעבן מיין טאָכטער
צו א מענטש, וואָס טויג צו גאָרניט;
קאָנסט ביי מיר די טאָכטער בעטן,
קאָנסט זיך שדכנ'ען צום בלימל,
ווען דו וועסט דעם הירש מיר פאַנגען
אויף די ווייטע היסי־פעלדער."

און דער בראַוער לעמינקיינען
נעמט זיין וואַרף־שפּיז אָנצושפּיצן,
ציט דעם בויגן אָן נאָך שטאַרקער,
נאָכדעם קלייבט ער אָפּ די פיילן,
און ער הויבט אַזוי אָן ריידן:
"כ'האָב שוין אָנגעשפּיצט מיין וואַרף־שפּיז,
און שוין צוגעגרייט די פיילן,
און מיין בויגן אָנגעצויגן,
בלייבט מיר שוין קיין סך ניט איבער,
בלויז באַזאָרגן זיך מיט גליטשערס."

הויבט דער בראַוער לעמינקיינען,
הויבט ער אָן צו טראַכטן־קלערן,
ווי צו מאַכן זיינע גליטשערס,
און פון וואָס ער זאָל זיי מאַכן.

און ער גייט אַוועק צו קאַופּי'ן,
גייט אין וואַרקשטאַט צו ליווליקי'ן:
"אַ, דו קלוגער וואַאיאַליינען,
ביסט דער בעסטער לאַפּלאַנד־שניצער!
שניץ מיר אויס צוויי גוטע גליטשערס,
גלעט זיי אויס צו ווערן שענער,
אַז איך זאָל דעם הירש פון היסי'ן
אויף די היסי־פעלדער פאַנגען."

גיט ליווליקי אים זיין ענטפער,
און ער הויבט אַזוי אָן ריידן:
"גייסט אומזיסט איצט, לעמינקיינען,
דו וועסט היסי'ס הירש ניט כאַפּן,
וויפיל דו זאָלסט זיך ניט מיען,
וועסט א פוילן פּיען דאָרט פאַנגען."

זאָרגט זיך ווינציק לעמינקיינען,
און ער הויבט אַזוי אָן ריידן:
"דו נאָר שניץ מיר אויס די גליטשערס,
מאַך זיי מיר נאָרביידע פאַרטיק,
וועל איך שוין דעם הירש דאָרט כאַפּן,
אויף די היסי־פעלדער פאַנגען."

ליווליקי, דער גרויסער מייסטער,
נעמט זיך גלייך צו טאָן זיין אַרבעט,
שניצט ער אויס אין האַרבסט די גליטשערס,
נעמט זיי אויסגלעטן אין ווינטער,
מאַכט דעם שטאָק אין איין טאָג נאָכדעם,
און אין צווייטן טאָג — די רינגען.

איז דער לינקער גליטשער פאַרטיק,
פאַרטיק ווערט באַלד אויך דער רעכטער,
און עס ווערט דער שטאָק אויך פאַרטיק,
צוגעפּאַסט אויך ביידע רינגען.
קאָסט דער שטאָק א פעל פון אָטער,
און א פוקסן־פעל — די רינגען.
שמירט ער אָן מיט פעטס די גליטשערס,
טוט מיט הירשן־פעטס זיי שמירן,
און ער הויבט אָן שטאַרק צו טראַכטן,
און ער רעדט אַרויס די ווערטער:
"איז דען דאָ צווישן יונגוואַרג,
אין דעם דור, וואָס וואַקסט איצט — איינער,

וואָס קאָן לויפן אויף די גליטשערס,
און קאָן לייכט מיט זיי זיך גליטשן?"

זאָגט דער פלינקער לעמינקיינען,
זאָגט דער יונג מיט רויטע באַקן:
"יאָ, ס'איז דאָ צווישן יונגוואַרג,
אין דעם דור וואָס וואַקסט איצט —
איינער,
וואָס קאָן לויפן אויף די גליטשערס,
און קאָן לייכט מיט זיי זיך גליטשן."

נעמט ער פיילן אויף דער פּלייצע,
און דעם בויגן אויף דעם אַקסל,
נעמט אין האַנט דעם שטאַק צום גליטשן,
טוט אַ גיי מיטן לינקן גליטשער,
און נעמט גיין גלייך מיטן רעכטן,
און ער הויבט אַזוי אָן ריידן:
"ס'איז ניטאָ אויף גאָר דער וועלט גאָט'ס,
אונטער דעם געוועלב פון הימל,
ניט אין וואַלד איז צו געפינען
איין פירפיסנדיקע חיה,
וואָס מען זאָל זי ניט דעריאָגן,
אין געלויף ניט קענען כאַפּן
מיט אַזעלכע גוטע גליטשערס,
מיט די גליטשערס פון דעם מייסטער."

דאָס האָט מען דערהערט ביי היסי'ן,
יוטאַס האָט געכאַפּט די ווערטער,
נעמט אַ הירש זיך היסי מאַכן,
יוטאַס פורעמט אויס אַ לאָסט־הירש,
איז דער קאָפּ אַ פּיען אַ פוילער,
הערנער זיינען ווערבע־צווייגן,
און די פיס פון זומפּ־טשערעטן,
און די קניעס — גראָז פון זומפּן,
און פון זשערדיס איז דער רוקן,

און די אָדערן פון שטרויען,
אויגן זיינען ביי אים בלימלעך,
אויערן — פון וואַסער־בלומען,
הויט איז פון בערעזע־קאָרע,
און דאָס פלייש פון פוילע באַלקנס.

היסי נעמט דעם הירש איצט לערנען,
און ער טוט אַזוי אים זאָגן:
"הויב אָן לויפן, הירש געשיקטער,
יאָג זיך האַסטיק, שטאָלצע חיה,
צו די טשערעדעס פון הירשן,
צו די קאַלטע לאַפּלאַנד־פעלדער,
זאָל דער מאַן אַביסל שוויצן,
זאָל ער לויפן, לעמינקיינען."

הויבט אָן היסי'ס הירש צו לויפן,
נעמט דער לאָסט־הירש זיך צו יאָגן
איבער שייערן און דערפער,
אויף די ברייטע לאַפּלאַנד־פעלדער,
קערט אין שטיבער צעבערס איבער,
וואַרפט די טעפּ אַריין אין פייער,
וואַרפט אין אַש אַריין די פליישן,
און צעגיסט דאָרט די געקעכצן.

הויבט זיך אויף אַ גרויסער יאָמער
ביי די זין פון לאַפּלאַנד'ס פעלדער,
אַלע הינט דאָרט נעמען וואָיען,
קינדער הויבן אָן צו וויינען,
אַלע לאַפּלאַנד־ווייבער לאַכן,
און די מענער אַלע ברומען.

נעמט דער פלינקער לעמינקיינען
נאָך דעם הירש זיך שנעל צו יאָגן
איבער וועלדער, איבער זומפּן,
איבער יענע ברייטע פליינען,

פונקען פליען פון די גליטשערס,
שטארקער רויך שפארט פון דעם
שטאק שויז,
נאר ניטא פון הירש קיין שפורן,
ניט מען זעט אים, ניט מען הערט אים.

איבער בערג און טאלן יאגט ער,
איבער לענדער, איבער ימים,
איבער היסי׳ס אלע וועלדער,
איבער קאלמא׳ס אלע פליינען,
אט־א איז שוין סורמא׳ס אפגרונט,
דארטן איז דער הויף שוין קאלמא׳ס,
טויט שוין עפנט אויף דאס מויל זיינס,
קאלמא בויגט דעם קאפ ארונטער,
וויל קאלעווא׳ס זון שוין כאפן,
לעמינקיינענ׳ען פארצוקן,
נאר ער קאן אים נאך ניט גרייכן,
קאן אים אלץ נאך ניט דעריאגן.

נאר איין פאס א שמאלער בלייבט אים,
בלויז איין פלאץ ניט דורכגעלאפן
אף פאכיאלא׳ס ברייטע שטרעקעס,
אין דעם ווייטן נארדלאנד־געגנט,
לאזט ער זיך צו יענער שטרעקע,
יאגט אוועק אין יענעם ווינקל.

ווי ער קומט צום ענד פון ווינקל,
הערט ער א גערויש זיך טראגן
פון די ווייטסטע נארדלאנד־עקן,
פון די זין פון לאפלאנד׳ס פעלדער,
הערט די הינט פון דארטן בילן,
הערט די לאפלאנד־קינדער וויינען,
הערט די לאפלאנד־ווייבער לאכן,
הערט די מענער דארטן ברומען.

און דער פלינקער לעמינקיינען
טוט א לאז אהין זיך לויפן,
וואו עס בילן הינט אצינדערט
ביי די זין פון לאפלאנד׳ס פעלדער.

ווי ער קומט נאר, נעמט ער ריידן,
הויבט זיך אן גלייך נאכצופרעגן:
„זאגט, וואס לאכן דא די ווייבער?
זאגט פארוואס די קינדער וויינען,
און וואס יאמערן די אלטע,
און די גרויע הינט וואס בילן?“

„ווייסט פארוואס די ווייבער לאכן,
און די קליינע קינדער וויינען,
און עס יאמערן די אלטע,
און די הינט די גרויע בילן:
היסי׳ס הירש איז דורכגעלאפן
אף די פלינקע גלאטע קלויען,
האט די צעבערס אויסגעגאסן,
טעפ אין פייער דא געווארפן,
אויסגעשאטן אלע שפייזן,
דאס געקעכץ אף אש צעגאסן.“

און דער יונגער לעמינקיינען,
ער, דער שיינער קאוקאמיעלי,
טוט א שפאר דעם לינקן גליטשער,
בויגיק, ווי אין גראז אן עקדעש,
שפארט דעם טאנען שטאק פאראויס
איצט,
ווי ער וואלט א שלאנג געוועזן,
און נעמט ריידן נאך אין גליטשן,
אנגעשפארט אן שטאק נאך, זאגט ער:
„זאל א־יעדער מאן אין לאפלאנד
מיר דעם הירש אהערצו ברענגען,
זאל א־יעדע פרוי אין לאפלאנד
נעמען וואשן איצט די קעסלען,

און אַ־יעדעס קינד אין לאַפּלאַנד
זאָל זיך נעמען קלייבן שפּענער,
און אַ־יעדער טאָפּ אין לאַפּלאַנד
זאָל דעם הירש אָט־דאָ מיר קאָכן."

און ער שטרענגט אָן אַלע כּוחות,
און ער נעמט פֿאַראויס זיך טראָגן,
שוין ביים ערשטן שפּאַר פון גליטשער
שווינדט־פאַרשווינדט ער פון די אויגן,
און ביים צווייטן שפּאַר פון גליטשער
קאָן מען אים שוין מער ניט הערן,
ביי דעם דריטן לויף שוין פאַלט ער
היסי'ס הירש גלייך אַף דעם רוקן.

און ער נעמט אַ שטאַנג פון קליאַן־בוים,
פלעכט אַ שטריק אויס פון בערעזע,
גלייך דעם הירש דאָ צו פאַרבינדן
און צום דעמבע־פלויט אים ברענגען.
"הירש פון היסי, קאָנסט דאָ שפּרינגען,
קאָנסט דאָ טופּען, ווילדע חיה."

און ער הויבט דעם הירש אָן גלעטן,
און ער פּעטשלט אים אין נאַקן:
"אַך, ווי גוט עס וואָלט געוועזן
רוען דאָ, אַביסל שלאָפן
מיט דער טייבעלע דער יונגער,
מיט דעם שלאַנקען שיינעם הינדל."

ווערט ער, היסי'ס הירש אין כּעס,
און ער הויבט זיך אָן צו בריקען,
און ער הויבט אַזוי אָן ריידן:
"זאָל שוין לעמפּאַ דיר איצט העלפן
מיט אַ טייבעלע דאָ שלאָפן,
מיט אַ שיינער מיידל רוען."

און ער הויבט אָן שטאַרקער בריקען,
דעם בערעזע־שטריק צערייסט ער,
און צעברעכט דעם שטאַנג פון קליאַן־
בוים
און דעם דעמבע־פלויט צעוואַרפט ער,
און ער הויבט פון דאָרט אָן לויפן,
הויבט זיך אָן אוועקצויאָגן
איבער זומפּן, איבער פעלדער,
איבער בערג באַדעקט מיט וועלדער,
קוים צו כאַפּן מיט די אויגן,
מיט די אויערן קוים הערן.

דאָ נעמט לעמינקיינען זאָרגן,
און עס הויבט אים אָן פאַרדריסן,
און עס צינדט זיך אָן זיין צאָרן,
און ער נעמט דעם הירש דעריאָגן,
נאָר ביים ערשטן שטאַרקן שוואונג שוין
פּלאַצט אַ גליטשער ביי אַ לעכל,
און עס פּלאַצט דער רימען פאַרנט,
און דער צווייטער — ביי דער פּיאַטע,
און דער שפּיץ פון גליטשער ברעכט זיך,
און די ענד פון שטאַק צעברעכט זיך,
און דער הירש, ער האַלט אין יאָגן,
אַז מען קאָן דעם קאָפּ ניט זען מער.

בלייבט ער שטיין שוין לעמינקיינען,
טרויעריק און שטאַרק באַטראָפן,
און ער קוקט אַף זיינע זאַכן,
און ער הויבט אַזוי אָן ריידן:
"זאָל שוין קיינער אין זיין לעבן,
קיינער שוין פון אַלע מענער
טראַציק זיך אין וואַלד ניט לאָזן,
היסי'ס הירש צו כאַפּן דאָרטן,
ווי געטאָן האָב איך, שלימזל,
כ'האָב די גליטשערס דאָרט צעבראָכן,
און פון שטאַק דעם שפּיץ צעבראָכן,
און דעם שפּיץ פון שפּיז צעבויגן."

# פערצענטע רונע

## לעמינקיינען'ס טויט

לעמינקיינען ווענדט זיך צו די געטער פון וואַלד, און רופט זיי צו העלפן אים כאַפּן דעם הירש. ענדלעך, פאַנגט ער דעם הירש. אָבער דאָס מיידל גיט מען אים אַלץ ניט, סיידן ער וועט צוימען היסיס פערד. ווען ער צוימט דאָס פערד, הייסט מען אים שיסן דעם שוואַן אויף טייך פון טואָנעלא. לעמינקיינען קומט צום טייך, וואו נאַס־היטעלע דער פאַסטוך הרגעט אים און וואַרפט אים אַריין אין קעסלגרוב פון טואָני. טואָניס זון צעשניידט אים אויף שטיקלעך.



ויבט דער בראוער לעמינקיינען,
הויבט ער אָן צו טראכטן־קלערן:
וואו, אַף וועלכן וועג צו גיין איצט,
אַף א־וואַסער שליאַך זיך נעמען —
זאָל ער היסי׳ס הירש דאַ לאָזן
און אליין צוריק א־היים גיין?
אָדער נאָכאַמאָל זיך פּרואוון,
נאָך דעם הירש זיך ווידער יאָגן —
וועט פון וואלד די מאַמע יובלען,
בימפן וועלן זיך דערפרייען.

און ער הויבט גלייך אָן צו ריידן,
און ער לאָזט אַזוי זיך הערן:
„אוקקאָ, דו מיין גאָט דאָרט אויבן,
טאַטע טייערער אין הימל,
שיק אליין מיר איצטער גליטשערס,
גיב אַריין אין זיי א שנעלקייט,
איך זאָל קאָנען פלינק זיך גליטשן
איבער ימים, איבער פעלדער,
גלייך אין לאַנד אַריין פון היסי׳ן,
דורך פּאָכיאָלאַ׳ס ווייטע פליינען,
היסי׳ס הירש גלייך אַף די שפּורן,
אַף די טריט פון ווילדן לאָסט־הירש.

„כ׳גיי אין וואַלד אַריין איצט איינזאַם,
אייך־אליין ארומצובלאָנקען
אַף דעם וועג פון טאַפּיאַלאַ,
גיי פאַרביי די היים פון טאַפּיאָ;
זייט געגריסט, איר בערג און פעלזן;
זייט געגריסט, איר סאָסנע־וועלדער,
זייט געגריסט, איר עספּן־וועלדלעך,
און אויך איר, וואָס גריסט מיך איצטער.

„גנעדיק זייט, איר וואַלד און וועלדלעך,
און אויך דו, טאַפּיאָ, העלף מיר,
צו די בערג לאָז דורך דעם מאַן איצט,
פיר אים פריינטלעך אַף די הויכן,
וואו ער קאָן זיין פאַנג דערגרייכן,
וואו ער קאָן זיין לוין באַקומען.

„אויך ניוריקי, זון טאַפּיאָ׳ס,
אָ, דו העלד אין רויטן היטעלע,
מאַך סמנים אַף די וועגן,
צייכנס מאַך אַף בערג פאַר סטעזשקעס,
אַז איך זאָל דאָרט ניט פאַרבלאָנדזשען,
אַז איך זאָל דעם וועג דערקענען
צו דעם פאַנג, וואָס איך טו זוכן,
צו דעם לוין, וואָס איך וויל קריגן.

„מיעליקי, שיינע וואַלד־פרוי,
מוטער שטאַרקע פון די וועלדער,
נעם צעוואַרף דיין גאָלד אַצינדערט,
פאַר דעם מאַן וואָס טוט דאָ בלאָנדזשען,
און צעשיט די זילבער־אוצרות
אַף די שפּורן איבער בערגלעך.

„נעם אַראָפּ די גאָלדענע שליסל
פון דעם גאָלדענעם שליסל־רינגל,
און שליס אויף טאַפּיאָ׳ס קאַמער,
זוך אין וואַלדיקע פּאַלאַצן,
ווען איך לויער אַף מיין פאַנג דאָ,
ווען איך טו מיין לוין דאָ זוכן.

„טאַמער ווילסטו זיך ניט מיען,
נעם און שיק דיין קליינע מיידל,
שיק אַהערצו דיינע דינסטן,
נעם באַפעל דאָרט דיינע דינער,
וואָלסט געווען א שיינע האַרין,

ווען דו האָסט ניט קיין באַדינער,
ווען דו האָסט ניט הונדערט דינסטן,
טויזנט — דיין באַפעל צו פאָלגן,
פאַר די ווילדע חיות זאָרגן.

"פון דעם וואַלד, אָ, קליינע מיידל,
קינד טאַפּיאָ'ס, זיסע קולכל,
שפּיל איצט אויף דיין פלייט פון האָניק,
פייף אויף זיסן פייפל דיינעם,
זאָל די איידעלע פרוי דאָרט הערן,
וועק די געבערן די גוטע,
לאָז דערהערן איר די קלאַנגען,
וועט זי פון דעם שלאָף באַלד אויפשטיין,
ווייל זי הערט מער ניט אינגאַנצן,
און זי האַלט נאָר אין איין שלאָפן,
כאָטש איך טו זי שטענדיק רופן,
מיט מיין גאָלדענעם צונג זי בעטן."

און ער וואַנדערט לעמינקיינען,
נאָר געפינט קיין זאַך צום שיסן,
איילט דורך זומפּן, לויפט דורך פעלדער,
יאָגט זיך דורך די ווילדע וועלדער,
איבער פייערדיקע בערגער,
איבער היסי'ס קוילנפעלדער.

גליטשט זיך איין טאָג און א צווייטן,
ענדלעך, אויף דעם דריטן טאָג ערשט,
קומט ער צו דעם באַרג דעם גרויסן,
הייבט אויף הויכן פעלדז אָן קריכן,
און ער קוקט אויף צפון־מערב,
קוקט אויף צפון דורך די זומפּן,
און דערזעט טאַפּיאָ'ס שטיבער,
זעט די טירן גאָלדיק שטראַלן,
בליאַסקען דורך די זומפּן אַלע,
דורך די וועלדלעך אויף די באַרג דאָרט.

און דער פלינקער לעמינקיינען
איילט זיך צו דעם אָרט וואָס שנעלער,
שלייכט זיך שטילערהייט צו נעענטער,
שטעלט זיך ביי טאַפּיאָ'ס פענצטער,
און פאַרשטעקט זיך דאָרט און לויערט,
נעמט אין זעקסטן פענצטער קוקן,
זעט ער היטערינס דאָרט זיצן,
מוטערס פון די וועלדער זיצן,
אָנגעטאָן אין אַלטע קליידער,
אין פאַרשמוצטע אַלטע טראַנטעס.

זאָגט דער פלינקער לעמינקיינען:
"זאָג, וואָס זיצסטו עפּעס, האַריין,
אין די אַלטע אַרבעטס־קליידער,
און דו וואַלגערסט זיך אין טראַנטעס?
ס'איז א שאַנד אויף דיר צו קוקן,
שרעקלעך איז דיין גאַנצער אויסזען —
שמוציק איז דיין ברוסט, דער נאַקן,
ס'גאַנצע לייב — פאַרגרעבט און שמוציק.

"ווען איך האָב אין וואַלד געוואַנדערט,
האָב איך דאָרט געזען דריי שלעסער,
איינס — פון האָלץ, פון ביין — א
צווייטער,
און דער דריטער — הוילע שטיינער;
און פון גאָלד זעקס העלע פענצטער,
האָט פון אַלע ווענט געבליאַסקעט,
הויב איך אָן אַריינצוקוקן,
פון באַהעלטעניש צו פאָרשן,
און דערזע דעם האַר טאַפּיאָ'ס,
און איך זע טאַפּיאָ'ס האַריין,
טעלערוואָ'ן, טאַפּיאָ'ס טאָכטער,
און די גאַנצע מחנה דינער;
האָט ביי אַלע גאָלד געבליאַסקעט,
זילבער האָט געשיינט אויף יעדן,
און פון וואַלד די שיינע האַריין,

זי, וואָס טיילט אויס די מתנות,
האָט געטראָגן גאָלד־בראַסלעטן,
רינגען גאָלדענע אַף די פינגער,
לויטער גאָלד פון קאָפּ די צירונג
אַפן קאָפּ די סטענגעס גאָלדענע,
אוירינגלעך גאָלד פון ריינעם,
אַף דעם האַלדז די שיינע פּערל.

„שיינע האַרין פון די וועלדער,
האָניק־מוטער פון מעטסאַלאַ,
וואַרף אַראָפּ פון שטרוי די שקראַבעס,
וואַרף אַראָפּ די קאָרע־לאַפּציעס,
וואַרף אַוועק די אַלטע שמאַטעס,
און דאָס גראָבע העמד פון לייוונט,
טו אָן מזל'דיקע קליידער,
נעם צו זיך די גליק־געוואַנטן,
בעת איך טו אין וואַלד אַרומגיין,
בעת איך טו מיין פאַנג דאָ זוכן;
ס'איז אַן אומעט מיך באַפאַלן,
טרויער דריקט מיר אַפן האַרצן
אַט אַזוי אומזיסט אַרומגיין
און מיין פאַנג דאָ ניט געפינען,
שיק־זשע דו מיר פאַנג אַצינדערט,
וועל איך אָפּרוען אַביסל;
לאַנג און טרויעריק איז דער אָוונט,
און דער טאָג אָן פאַנג איז לאַנג דאָ.

„גרויער זיידע פון די וועלדער
אין דיין סאָסנע־נאָדל־היטעלע
אין דיין גלאַטיק מאָכיק פּעלצל,
קלייד אין ליינען אויס די וועלדער,
ווילדע וועלדלעך — אין געוואַנטן,
און פאַרדעק די עספּן־ביימער,
גיב די אַלכעס ווייכע קליידער,
דעק מיט זילבער איין בערעזעס,
גאַרטל טאַנען צו מיט קופּער,
גיב די סאָסנעס זילבער־גאַרטלען,
און בערעזעס גאָלדענע בלומען,
הענג אויס גלעקלעך אַף די שטאַמען,
ווי אַמאָל, אין אַלטע צייטן,
גוטע טעג נאָך דאַן געוועזן.
יעל האָט דאַן ווי זון געפינקלט,
און די סאָסנעס — ווי לבנה,
האָניק האָט געשמעקט אין וועלדל,
האָניק — אַף די בלויע לאָנען,
און געווירצן — אַף די פעלדער,
פוטער האָט געשטראָמט אין זומפּן.

„דו פון וואַלד, אָ, שיינע יונגפרוי,
טוליקי, טאַפּיאָ'ס טאָכטער,
טרייב אַהערצו אַלע חיות,
טרייב זיי צו די ברייטע לאָנקעס,
ווילן זיי אַהער ניט לויפן,
טאָמער וועלן זיי זיך פוילן,
רייס פון בוים אַראָפּ אַ צווייגל,
נעם אין טאָל בערעזע־ריטלעך,
נעם און שלאָג זיי אַף די היפטן,
נעם זיי בייטשן אַף די זייטן,
טרייב זיי צו דעם אָרט וואָס שנעלער,
יאָג זיי, יאָג די חיות גיכער,
צו דעם מאַן וואָס זוכט זיי איצטער,
פיר זיי אַף דעם וועג צום יעגער.

„אויב זיי גייען אַף אַ שטעגל,
לאָז זיי לויפן אַף דעם שטעגל,
שטרעק אויס ביידע הענט אַצינדערט,
לאָז ניט גיין זיי אַף די זייטן,
לאָז די חיות ניט אַנטרינען,
זיך פאַרנעמען אַף די זייטן;
וועלן זיי פון וועג אַנטלויפן,
אָן אַ זייט פון דאָרט אַוועקגיין,
פיר צום וועג זיי ביי אַן אויער,
צו דעם שטעגל — ביי די הערנער!

„איז דער וועג פאַרלייגט מיט
צווייגן —
וואַרף זיי איבער צו די ראַנדן,
ליגן ביימער אָנגעוואָרפן —
נעם צעברעך זיי גלייך אויף שטיקער!

„וועט אַ פּלויט דעם וועג פאַרשטעלן,
זאָלסטו אים דאָרט גלייך צעוואַרפן,
נעם צעברעך דאָרט פינעף פּלעקער,
ברעך אָפּ גאַנצע זיבן זשערדיס.

„לויפט אַ טייך דעם וועג אַריבער,
צי אַ טייכל אויף דעם שטעגל,
וואַרף אַ זיידן בריקל איבער,
נעם פאַרשפּרייט אַ רויטע טיכל,
פיר זיי דורך דעם וועג דעם ענגן,
דורך דעם טייך פון ווייטן נאָרדלאַנד,
דורך דעם שוים פון וואַסערפאַלן!

„טאַפּיאָ, דו וואַלד־האַר גוטער,
און דו, האַרין פון די וועלדער,
גרויער זיידע פון די וועלדער,
פון דעם וואַלד, אָ גאָלדענער קיניג,
מימעריקי פון וואַלד די האַרין,
טיילערין פון וואַלד מתנות,
אַלטע אין דעם בלויען מאַנטל,
און מיט רויט־באַנייטע זאָקן,
לאָמיר זיך מיט גאָלד איצט בייטן,
לאָמיר בייטן זיך מיט זילבער,
איך האָב גאָלד פון דער לבנה,
פון דער זון האָב איך דאָס זילבער,
אין מלחמות דאָס געקראָגן,
און אין שלאַכטן צוגענומען,
ליגט דאָס אָן אַ נוץ אין בייטל,
ווערט אין טייסטער דאָרט פאַרשוואונדן,
ליגט דאָס גאָלד, איז ניט צעביטן,
און ניט אויסגעטווישט דאָס זילבער.”

אָט אַזוי האָט לעמינקיינען
זיך געגליטשט אַ צייט אַ לאַנגע,
און אין וואַלד געזונגען לידער,
אינווייניק אין גרינע וועלדלעך.
איז דער האַרין וואוילגעפעלן,
און פון וואַלד די שיינע מיידלעך
זיינען אַלע שטאַרק צופרידן.

און זיי נעמען שרעקן, טרייבן,
היסי׳ס הירש פון וואַלד צו יאָגן,
פון טאַפּיאָ׳ס בערגל טרייבן
אויף דעם ראַנד פון היסי׳ס וואוינונג,
צו דעם מאַן וואָס טוט דאָ וואַרטן
ער זאָל קענען גלייך אים כאַפּן.

און דער פלינקער לעמינקיינען
טוט אַ וואָרף אַרויף זיין פאַנג־שטריק
היסי׳ס הירש גלייך אויף דעם אַקסל,
אויף דעם האַלדז פון גרויסן לאָסט־הירש,
אַז ער קאָן קיין פוס ניט רירן,
ווען ער גלעט אים אויף דעם רוקן.

הויבט דער פלינקער לעמינקיינען,
הויבט ער אָן אַזוי גלייך ריידן:
„האַר פון לאַנד און פון די וועלדער,
שיינער וועזן פון די לאָנקעס,
גוטע האַרין, מיעליקי,
די, וואָס ברענגט דעם פאַנג צום יעגער,
קום אַהער דאָס גאָלד צו נעמען,
הויב אָן אויפקלייבן דאָס זילבער,
אויף דער ערד צעשפּרייט אַ לייוונט,
לייג אַוועק דיין ברייטע טיכל
אונטער אָט־דעם גאָלד וואָס בליאַסקעט,
אונטער אָט־דעם שיינעם זילבער,

אז עס זאָל אַף ד׳רערד ניט פֿאַלן,
ניט צעשיטן זיך אין בלאָטע.״

און ער לאָזט זיך גײן אין נאָרדלאַנד,
און ער נעמט בײַם קומען רײדן:
״ענדלעך, איז דער הירש פֿון היסי
אַף דעם היסי־פֿעלד געפֿאַנגען;
גיב מיר, אַלטע איצט דײַן טאָכטער,
פֿיר מיך צו מײַן שײנער כּלה.״

לאָוכי, נאָרדלאַנד׳ס אַלטע האַרין,
גיט אַזוי אים גלײַך איר ענטפֿער:
״כ׳וועל מײַן טאָכטער געבן דעמאָלט,
דאַן ערשט פּאָר א כּלה געבן,
ווען דו וועסט דעם פֿערד מיר צוימען,
היסי׳ס רויטן אָגער כאַפּן,
אַט־דעם שוים־באַדעקטן לאָשעק,
פּונקט בײַם ראַנד פֿון היסי׳ס פֿעלדער.״

נעמט דער פֿלינקער לעמינקײנען,
נעמט אין האַנט דאָס גאָלדענע צוימל,
דעם אַבראָט פֿון הוילן זילבער,
און ער גײט דעם אָגער זוכן,
מיט דער געלער לאַנגער גריווע,
פּונקט בײַם ראַנד פֿון היסי׳ס פֿעלדער.

און ער לאָזט אין וועג זיך האַסטיק,
הויבט זיך אָן פֿון אָרט צו אײַלן
צו די שײנע גרינע לאָנקעס,
צו דעם ראַנד פֿון הײליקע פֿעלדער,
נעמט דאָס פֿערד זיך פֿלײסיק זוכן,
אַט־דעם לאָשעק מיט דער גריווע,
האַלט דאָס צוימל אין זײַן גאַרטל,
און דעם רימען — אַף זײַן אַקסל.

זוכט ער אײן טאָג און א צווײטן,
ענדלעך, אַף דעם דריטן טאָג ערשט,

קומט ער אַף א באַרג א הויכן,
קלעטערט ער אַרויף צום רוקן,
און ער ווענדט זײַן בליק צו מזרח,
צו דער זון — די אויגן זײַנע,
און דערזעט אין טאָל דעם אָגער
צווישן יעלן דאָרט, בײַם וועלדל,
שפּריצט אים פֿון די האָר אַזש פֿײַער,
און עס זעצט א רויך פֿון גריווע.

הויבט אָן רײדן לעמינקײנען:
״אוקקאָ, פֿירער פֿון די וואָלקנס,
דו, וואָס הערשט אַף אַלע כמאַרעס,
עפֿן אויף דעם הימל איצטער,
עפֿן אויף די לופֿט ווי פֿענצטער,
לאָז פֿון אײַזן האָגל פֿאַלן,
רעגן איצט מיט אײַזן־שטיקער
אַף דער גריווע פֿון דעם אָגער,
אַף דעם ווײַס־געפֿלעקטן לאָשעק.״

נעמט ער אוקקאָ, דער באַשעפֿער,
יומאַלאַ, דער גאָט פֿון וואָלקנס,
און ער רײַסט די לופֿט פֿאַנאַנדער,
ברעכט אַף צוויי די הימל־וועלבונג,
הויבט אָן רעגענען מיט אײַזן,
לאָזט אַראָפּ אָן אײַזן־האָגל
קלענער פֿון דעם קאָפּ פֿון אָגער,
גרעסער פֿון א קאָפּ פֿון מענטשן,
אַף דער גריווע פֿון דעם אָגער,
אַף דעם רוקן פֿון דעם לאָשעק.

און דער פֿלינקער לעמינקײנען
גײט צו נענטער אָנצוקוקן,
נעמט גענוי דאָס צו באַטראַכטן,
און ער הויבט אַזוי אָן רײדן:
״גוטער פֿערד פֿון היסי׳ס פֿעלדער,
פֿון די בערגער יונגער לאָשעק,

בויג אריין דיין גאָלדענע מאָרדע,
שטעק אריין דיין קאָפּ פון זילבער
אין דעם שיינעם גאָלדענעם רינגל,
אין דעם זילבערדיקן צוימל!
כ׳וועל קיין שלעכטס ניט טאָן דיר
קיינמאָל,
קיינמאָל ראַשיק דיך ניט יאָגן,
בלויז א שטיקל וועג צו פאָרן,
נאָר א קורצע שטרעקע לויפן
צו די הויכע נאָרדלאַנד־שטיבער,
צו דער בייזער אַלטער שוויגער,
כ׳וועל מיט רימענס דיך ניט שלאָגן,
מיט קיין בייטשל קיינמאָל טרייבן,
כ׳וועל דיך פירן מיט א סטענגע,
מיט א זיידן בייטשל גלעטן.״

היסי׳ס פערד מיט רויטער גריווע,
היסי׳ס שוים־באַדעקטער לאָשעק,
בויגט אריין זיין גאָלדענע מאָרדע,
שטעקט אריין זיין קאָפּ פון זילבער
אין דעם שיינעם גאָלדענעם רינגל,
אין דעם זילבערדיקן צוימל.

אַט אזוי האָט לעמינקײנען
דאָך געצוימט דאָס פערד פון היסי׳ן,
אים ארויפגעלייגט דאָס צוימל,
אפן זילבער־קאָפּ — דעם האַלדז־שטריק,
און ער זעצט זיך אַף זיין רוקן,
אַף דעם רוקן פון דעם אָגער.

טוט מיט בייטש א גלעט דעם אָגער,
און מיט ווערבע־צווייג א פּעטשל,
און לויפט אַפּ א קורצע שטרעקע,
און ער לאָזט זיך צו די הויכן,
צו די בערג פון וייטן צפון,
צו די שניי־באַדעקטע היגלען.

און ער קומט אָן קיין פּאָכיאָלאַ,
צו די שטיבער פון דעם נאָרדלאַנד,
גייט פון הויף אריין אין צימער,
און ער הויבט אזוי אָן ריידן:
״כ׳האָב געצוימט שוין היסי׳ס אָגער,
שוין געפאַנגען היסי׳ס לאָשעק
אַף די גרינע שיינע לאָנקעס,
פונקט ביים ראַנד פון הייליקע פעלדער,
כ׳האָב געכאַפּט דעם הירש פון היסי׳ן,
אַף דעם היסי־פעלד געפאַנגען,
גיב מיר איצט דיין טאָכטער, אַלטע,
פיר מיך צו מיין שיינער כלה.״

לאָוכי, האַרין פון דעם נאָרדלאַנד,
הויבט אזוי צו אים אָן ריידן:
״כ׳וועל מיין טאָכטער ערשט דיר געבן,
ווען דו וועסט דעם שוואַן דערשיסן,
אויב דו טרעפסט דעם שיינעם פויגל
אין דעם שוואַרצן טייך טואָני׳ס,
אין דעם הייליקן געווירבל,
מיט דעם ערשטן שאָס פון בויגן,
בלויז איין פייל ארויסצושיסן.״

און דער פלינקער לעמינקײנען,
ער, דער שיינער קאָוקאָמיעלי,
לאָזט זיך גיין דעם שוואַן איצט זוכן,
גייט לאַנג־העלדזעלע געפינען
אין דעם שוואַרצן טייך טואָני׳ס,
אין דעם אָפּגרונט פון מאַנאַלאַ.

און ער הויבט זיך אָן צו איילן,
גייט מיט שנעלע טריט פון דאַנען,
צו דעם ברייטן טייך טואָני׳ס,
צו דעם הייליקן געווירבל,
מיט דעם בויגן אַף דעם אַקסל,
מיט די פיילן אַף דער פּלייצע.

נאָר נאָס־היטעלע דער פּאַסטוך,
אַט־דער בלינדער גרייז טואָני׳ס,
איז ביים טייך דאָרט גראָד געשטאַנען,
ביי דעם הייליקן געווירבל,
און געהאַלטן נאָר אין קוקן,
צי עס קומט ניט לעמינקיינען.

ענדלעך האָט דער פּאַסטוך איינמאָל
לעמינקיינען׳עז דערזען דאָרט,
ווי ער גייט צו זייער נאָענט
צו דעם טייך פון טואָנעלא,
צו דעם וואַסערפאַל דעם שטאַרקן,
צו דעם הייליקן געווירבל.

און ער וואַרפט א ראָר פון וואַסער,
וואַרפט א שלאַנג נאָך פון די כוואַליעס
גלייך אין האַרצן פון דעם מענטש,
לעמינקיינען׳עז אין לעבער,
גלייך א־דורך דער לינקער פּאַכווע
און א־דורך דעם רעכטן אַקסל.

און דער פלינקער לעמינקיינען
פאַלט אַנידער פון די וואונדן,
און ער הויבט אַזוי אָן ריידן:
„אַי, ווי שלעכט איך האָב געהאַנדלט,
כ׳האָב פאַרגעסן גאָר צו פרעגן
ביי מיין אַלטער ליבער מאַמען
די צוויי ווערטערלעך די קליינע,
אפשר ווערטער דריי אינגאַנצן,
ווי צו לעבן און געדייען
אין די שווידערלעכע צייטן,
כישוף־ווערטער קעגן שלאַנגען,
שפּרוכן קעגן ביס פון עקדעש.

„מאַמע! האָסט מיך אויסגעטראָגן,
האָסט אַליין מיך דאָך דערצויגן,
קאָנסטו, מאַמע, זיך דערוויסן,
וואו דיין זון געפינט זיך איצטער,
אייל זיך צו און קום געשווינדער,
אייל זיך העלפן מיר אַצינדערט,
מיך, דעם עלנטן, באַפרייען,
און ניט לאָזן מיך דאָ אויסגיין,
העלף מיר אויפשטיין ווי א אינגלינג,
לעבעדיק און פריש אוועקגיין.“

נאָר נאָס־היטעלע דער פּאַסטוך,
בלינדער זקן פון פּאָכיאָלאַ,
וואַרפט דעם פלינקן לעמינקיינען,
שפּאַרט אַראָפּ דעם זון קאַלעוואַ׳ס
אין דעם שוואַרצן טייך טואָני׳ס,
אין דעם קעסלגרוב דעם טיפסטן,
און דער פלינקער לעמינקיינען
פאַלט אַריין אין ווילדע שטראָמען,
אין דעם ברויזנדיקן אָפּגרונט,
אין דעם קיניגרייך פון טויטע.

און טואָני׳ס בלוט־באַדינער
נעמט קאַלעוואַ׳ס זון דאָרט שלאָגן,
מיט א שאַרפער שווערד אים האַקן,
אַז עס נעמען פונקען פליען,
און צעהאַקט אים אין פינף שטיקער,
און צעהאַקט דאָס לייב אויף אַכטן,
וואַרפט אין טייך זיי טואָנעלא׳ס,
אין די טיפן פון טואָני:
„וועסט שוין דאָרטן אייביק ליגן
מיט דיין בויגן, מיט די פיילן,
שיס דאָרט פייגל אין די טיפן,
וואַסער־פייגל אין די שטראָמען.“

אַט אַזוי איז לעמינקיינען,
אַט־דער בראַווער מאַן געשטאָרבן
אין דעם שוואַרצן טייך טואָני׳ס,
אין די טיפן פון מאַנאַלאַ.

# פופּצענטע רונע

## לעמינקיינען ווערט צוריק לעבעדיק

איינמאָל נעמט פון בערשטל קאַפּען רויטע טראָפּנס בלוט. קיליקי און לעמינקיינען'ס מאַמע דערשפּירן, אַז אַ שרעקלעכער אומגליק האָט פּאַסירט מיט לעמינקיינען. לויפט די מוטער גלייך קיין פּאָכיאָלאַ, געפינט אויס ביי לאָוכיין וואוהין זי האָט אַוועקגעשיקט איר זון. לאָוכי דערציילט איר. זי לויפט ווייטער זוכן איר זון. פרעגט ביי יעדן צו האָט מען אים באַגעגנט. קיינער ווייסט ניט, נאָר די זון. זי דערציילט דער מוטער דעם גאַנצן אמת, אַז לעמינקיינען איז שוין טויט. לויפט די מוטער צום וואַסערפאַל און שלעפּט אַרויס פון דאָרט די שטיקער פון איר זון. זי לייגט צוזאַמען די שטיקער, באַשמירט זיי מיט כישוף־זאַלבן. לעמינקיינען ווערט צוריק לעבעדיק.



עמינקיינען׳ס אלטע מאמע
קלערט און קלערט ביי
זיך אין שטיבל:
״וואו קאָן זיין איצט
לעמינקיינען?
וואו איז קאָוקאָ הינגעקומען?
עפּעס הער איך איצטער גאָרניט
פון זיין וואנדער אין די ווייטן.״

ניט געוואוסט, אוי, האָט די מאמע,
וואָס האָט אים מיט צער געטראָגן,
וואו עס טראָגט זיך איר געביין איצט,
וואו עס טוט איר בלוט איצט פליסן,
וואו עס וואָגלט אום דאָס קינד אירס,
וואו, אף וועלכע וועגן גייט ער:
צי אף בערג מיט סאָסנע־וועלדער,
צי אף ברייטע, וויסטע סטעפּעס,
צי אף פעלדער פול מיט בלומען:
אפשר שווימט ער גאָר אף ימים,
אף די שוימענדיקע שטראָמען,
אף דעם רוקן פון די כוואַליעס;
אָדער גייט גאָר אף מלחמה,
אפשר הוליעט ער אין שלאַכטן
און ער בראָדזיעט אום אין בלוטן,
ביז די קני אין בלוט אין רויטן.

קילי, אכטי׳ס ווייב די ליבע,
שטענדיק ארבעט זי און ארבעט,
ווייסט וואו וואָס אין שטוב געפינט זיך,
האַלט אף אַלץ די אויגן אָפן,
כאַפּט א קוק אף אכטי׳ס בערשטל
אַלע אָוונט און פרימאָרגן.
עפּעס איינמאָל זעט זי פלוצלינג,
אין א פריער מאָרגן־שטונדע,
אף דעם בערשטל רויטע טראָפּנס,
שוימיק בלוט פון בערשטל קאַפּעט.

קוקט זיך איין די אַלטע מוטער
און באַטראַכט דאָס בלוט פון בערשטל
און הויבט אָן פאַר ווייטאָג קלאָגן:
״ווי איז מיר, און ווי מיין מזל!
פינצטער איז מיר שוין מיין לעבן!
ערגעץ האָט א גרויסער אומגליק
מיט מיין ליבן זון געטראָפן,
אָט־אָ זיינען רויטע טראָפּנס,
שוימיק בלוט פון בערשטל קאַפּעט!״

און זי טוט א כאַפּ דאָס קליידל
הויבט דאָס אונטער מיט די אָרעמס,
און זי לאָזט אוועק זיך לויפן,
און זי לויפט מיט אַלע כוחות.
אונטער אירע טריט די שנעלע
האָבן פעלזן אזש געדונערט,
הויכע בערג אַראָפּגעזונקען,
טיפע טאָלן אויפגעשוואָלן.

ענדלעך, קומט זי קיין פּאָכיאָלאַ,
צו די שטיבלעך פון דעם נאָרדלאַנד,
זוכט און קוקט אף אַלע זייטן,
און הויבט אָן אזוי צו ריידן:
״זאָג מיר, האַרין פון פּאָכיאָלאַ,

**15טע**
**רונע**

וואו איז ערגעץ לעמינקיינען?
זאָג מיר, וואו האָסטו פאַרשיקט אים?"
ענטפערט איר די אַלטע לאָוכי
און זי הויבט אַזוי אָן ריידן:
"פון דיין זון ווייס איך איצט גאָרניט,
ווייס ניט, וואו ער איז פאַרשוואונדן.
כ'האָב אים צוגעפירט צום שליטן,
איינגעשפּאַנט דעם פלינקן אָגער,
ווייטער ווייס איך מער פון גאָרניט;
אפשר איז ער וואו פאַרזונקען
אין די ווייסע טיפע שנייען,
צי אין אייז אַריינגעפרוירן,
אָדער גאָר פון וועלף צעריסן,
צי פון בערן אויפגעפרעסן."

ענטפערט איר די אַלטע מוטער:
"איטלעך וואָרט דיינס איז אַ ליגן,
מיינס אַ קינד צערייסט קיין וואָלף ניט,
מיינס אַ זון צעפרעסט קיין בער ניט,
וואָלף דערוואָרגט ער מיט די פינגער,
מיט די הענט דערשלאָגט ער בערן!
זאָגסטו מיר ניט אויס דעם אמת,
וואו דו האָסט מיין זון פאַרטריבן,
וועל איך אויפברעכן די טירן
און די סאַמפּאָ דיר צעברעכן."

זאָגט די האַרין פון פּאָכיאָלאַ:
"כ'האָב דיין זון באַזאָרגט דאָ ברייטלעך
אי מיט עסן, אי מיט טרינקען,
אים געשטילט זיין דאָרשט און הונגער,
און אים אָפּגעפירט צום שיפל,
און אַראָפּ דעם שטראָם געשיקט אים.
ווייטער ווייס איך ניט פון גאָרניט,
ווייס ניט, וואו ער איז פאַרשוואונדן:
צי די שוימענדיקע קוואַליעס,
צי די ווירבלענדיקע טיפן
האָבן אים וואו איינגעזויגן."

זאָגט איר לעמינקיינען'ס מוטער:
"איטלעך וואָרט דיינס איז אַ ליגן,
איצטער זאָג דעם ריינעם אמת:
וואו האָסטו מיין זון פאַרטריבן?
וואו איז קאַלעוואַ'ס העלד געפאַלן?
נאַרסטו מיך אַצינדערט ווידער,
שיק איך אָן אַף דיר מגפות,
שיק דעם טויט אַף דיר אַצינדערט."

רופט זיך אָן די אַלטע לאָוכי:
"איצטער הער דעם גאַנצן אמת —
היסי'ס פלינקע, שטאָלצע הירשן
האָב איך אים געהייסן כאַפּן,
לעמפּאָ'ס אָגערן צו צוימען,
און די לאָשעקעס צו פאַנגען,
און דאָס פערד וואָס שפּריצט מיט פייער,
היסי'ס שוואַן געשיקט אים שיסן,
ווייטער ווייס איך ניט פון גאָרניט.
אפשר האַלט אים אָפּ אַ סיבה,
צי עס האַלט אים אָפּ אַן אומגליק,
און ער קאָן נאָך אַלץ ניט קומען
נאָך מיין טאָכטער, נאָך זיין כלה."

דאָ הויבט אָן די מוטער איילן,
לויפט און זוכט די שפורן ווייטער
פון איר זון, וואָס איז פאַרשוואונדן,
פון איר ליבן לעמינקיינען.
ווי אַ וואָלף דורך זומפּן לויפט זי,
ווי אַ בער אין טיפע וועלדער,
איילט דורך פעלדער ווי אַ מאַרדער,
ווי אַ נאָדלער אַף די מעזשעס,
ווי אַ העזל אַף דעם ים־ברעג;
אין איר לויף צעשטויסט זי פעלזן,



ראמט פון וועג אראָפּ די צווייגן,
ווארפט אין בערג מיט ביימער־שטאמען.

און זי זוכט איר זון און זוכט אים
נאָר זי קאָן אים ניט געפינען.
הויבט זי אָן די ביימער פרעגן,
צי זיי האָבן אים באגעגנט
ערגעץ בלאָנדזשען אין די וועלדער.
זיפצן אָפּ די הויכע סאָסנעס,
און א דעמב א שטארקער ענטפערט:

"כ'האָב געננוג מיר מיינע דאגות,
ווער קאָן טראָגן פרעמדע זארגן?
ס'האָט אן אומגליק מיך געטראָפן,
כ'האָב א פינצטער ביטער מזל:
ווער עס וויל, קאָן מיך צעשפּאלטן,
קאָן אַף שפּענער מיך צעהאקן,
און פארברענען אין זיין אויוון."

און זי זוכט איר זון און זוכט אים,
נאָר זי קאָן אים ניט געפינען.
קומט א שטעג איר אָן אנטקעגן,
הויבט זי אָן דעם שטעג צו פרעגן:
"זאָג מיר, שטעג, פון גאָט געשפּרייטער,
האָסטו וואו מיין קינד באגעגנט?
ניט געזען מיין גאָלדן עפּעלע?
ניט באמערקט מיין זילבער שטעקעלע?"

גיט דער שטעג איר גלייך זיין ענטפער:
"כ'האָב געננוג מיר מיינע דאגות,
ווער קאָן טראָגן פרעמדע זארגן?
ס'האָט א צרה מיך געטראָפן,
כ'האָב א פינצטער ביטער מזל:
כ'מוז פון הינט זיך לאָזן טרעטן,
און עס טאָפּטשען פערד מיך שטענדיק,

און פון שיך ווער איך געטראָטן,
פון סאנדאלן און פון לאפציעס.״

און זי זוכט איר זון און זוכט אים,
נאָר זי קאָן אים ניט געפינען.
קומט צום וועג צו די לבנה,
פאלט די מוטער און זי בוקט זיך,
און זי הויבט זי אָן צו בעטן:
״זאָג מיר, ליכטיקע לבנה,
האָסטו וואו מיין קינד באגעגנט?
ניט געזען מיין גאָלדן עפעלע?
ניט באמערקט מיין זילבער שטעקעלע?״

זאָגט די ליכטיקע לבנה:
״כ׳האָב גענוג מיר מיינע דאגות,
ווער קאָן טראָגן פרעמדע זאָרגן?
ס׳האָט א צרה מיך געטראָפן,
כ׳האָב א פינצטער ביטער מזל:
איינזאם דארף איך נעכט ארומגיין,
מעג ווי קאלט זיין — איך מוז שיינען,
סאמע ווינטער דארף איך לייכטן,
און אום זומער גאָר פארשווינדן.״

און זי זוכט איר זון און זוכט אים,
נאָר זי קאָן אים ניט געפינען.
קומט די זון איר אָן אנטקעגן,
פאלט די מוטער און זי בוקט זיך,
און זי הויבט זי אָן צו בעטן:
״זאָג מיר, זון, פון גאָט באשאפן,
אוקקאָ׳ס שיינענדיקער שטערן,
האָסטו וואו מיין קינד באגעגנט?
ניט געזען מיין גאָלדן עפעלע?
ניט באמערקט מיין זילבער שטעקעלע?״

האָט די זון געוואוסט שוין אלעס,
און זי הויבט איר אָן דערציילן:
״אוי, די אומגליקלעכע מאמע!
ס׳איז דיין זון דיר אומגעקומען,
טויט איז איצטער לעמינקיינען,
אין א טיפן וואסער שווימט ער,
אין דעם שווארצן שטראָם טואָני׳ס,
אין דעם וואסערפאל פון מאנא,
אין די ווירבלענדיקע כוואליעס,
פונקט ביים גרעניץ פון טואָני,
אין די טאָלן פון מאנאלא.״

הויבט אויפסניי ערשט אָן צו קלאָגן
לעמינקיינען׳ס אלטע מוטער,
און זי לויפט אוועק אין קוזניע,
און זי רופט זיך אָן צום קאָוואל:
״גרויסער מייסטער, אילמארינען!
האָסט געקאָוועט לאנגע יאָרן,
זאָלסטו היינט פאר מיר נאָך קאָוועז!
מאך פון קופער מיר א הארבליע,
מאך פון הארטן שטאָל די ציינער,
יעדן צאָן אף הונדערט קלאפטער,
און דאָס הענטל — פינף מאָל לענגער.״

נעמט דער גרויסער קאָוואל מייסטער
און ער קאָוועט אויס א הארבליע,
מאכט א הענטל צו פון קופער,
און די ציין פון שטאָל פון הארטן,
יעדן צאָן אף הונדערט קלאפטער,
און דאָס הענטל — פינף מאָל לענגער.

טוט א כאפ די אלטע מוטער
איילִיק אין דער האנט די הארבליע,
און זי לויפט צום טייך ארונטער,
צו דעם שטראָם פון טואָנעלא,
ווענדט זיך צו דער זון א־פריער
און זי הויבט אָן איר צו בעטן:
״העלע זון, פון גאָט באשאפן,

אוקקאָ׳ס שיינענדיקער שטערן!
שיין א ווייל מיט הייסע שטראלן,
און די צווייטע ווייל שיין שטארקער,
און צולעצט — שוין גאר מיט פייער,
שלעפער איין דעם פיינט׳ס חיילות,
ווארף א מידקייט אַף די וועכטער,
שיק א שלאָף אַף גאנץ מאנאלא.״

נעמט די זון, פון גאָט באשאפן,
אוקקאָ׳ס שיינענדיקער שטערן,
פליט אראָפּ אַף א בערעזע,
אַף דער העכסטער קרומער אָלכע,
שיינט א ווייל מיט הייסע שטראַלן,
שיינט די צווייטע ווייל שוין שטארקער,
און צולעצט — שוין גאר מיט פייער,
שלעפערט איין דעם פיינט׳ס חיילות,
ווארפט א מידקייט אַף די וועכטער,
שיקט א שלאָף אַף גאנץ מאנאלא,
אַף די יונגע מיט די שווערדן,
אַף די זקנים מיט די שטעקנס,
און אַף די אין מיטעלע יאָרן
אנגעשפּארט אַף לאנגע שפּיזן.
און די זון פליט נאָכדעם ווידער,
זעצט אוועק זיך דאָרט ווי פריער,
אַף איר אלטן אָרט אין הימל.
איצטער נעמט די אלטע מוטער
אין די הענט אריין די הראבליע,
שארט מיט איר אַף אלע זייטן
אין דעם ברויזנדיקן וואסער,
אין די שוימענדיקע כוואליעס,
און זי שארט און זוכט דעם טויטן,
נאָר זי קען אים ניט געפינען.

גייט זי טייך אראָפּ אלץ ווייטער,
קריכט אין וואסער ביז די קניעס,
לאָזט זיך נידעריקער, טיפער,
ביז צום גארטל, ביז צום גאָרגל.

און זי שארט און זוכט דעם טויטן,
אקערט דורך דעם טייך איינגאנצן,
לענג און ברייט און ביי די ברעגן,
מיט דעם שטראָם און שטראָם אנטקעגן,
זוכט דאָרט איינמאָל און א צווייטן,
און פארדאגה׳ט און פארצרה׳ט
שלעפּט זי פלוצלינג מיט דער הראבליע
פון דעם טייך ארויס זיין העמדל.
שארט זי נאָכאמאָל, א דריטן,
און געפינט זיין היטל, זאָקן.
מיט געוויין נעמט זי די זאָקן,
און דאָס היטל מיט הייסע טרערן.

און זי גייט אלץ ווייטער, טיפער
אין די טאָלן פון מאנאלא,
אקערט דורך דעם טייך איינגאנצן,
לענג און ברייט און ביי די ברעגן,
מיט דעם שטראָם און שטראָם אנטקעגן,
זוכט און נישטערט דאָרטן איינמאָל,
און א צווייטן מאָל, א דריטן,
און ביים לעצטן מאָל, דעם דריטן,
האָט זי אָנגעטאַפּט אין וואסער
עפּעס ווי א סנאָפּ א ווייכן.

ניט קיין סנאָפּ איז דאָס א ווייכער,
דאָס איז גאָר איר זון געוועזן,
טאקע לעמינקיינען אירער,
ער, דער שיינער קאָוקאָמיעלי,
אָנגעטשעפּעט אָן דער הראבליע
מיט די מיטלדיקע פינגער
און פון לינקן פוס א פינגער.

לאנגזאם הויבט זיך לעמינקיינען,
העכער ציט ער זיך פון וואסער
ביי די ציינער פון דער הראבליע,
אף דעם רוקן פון די כוואליעס.
נאָר עס פעלן אָבער שטיקער:
ס'פעלט א האנט, דער קאָפּ א האלבער,
און אויך אנדערע טיילן פעלן,
נאָר דער עיקר פעלט אים — לעבן.

קלערט אזוי די אַלטע מוטער,
און זי רופט זיך אָן מיט טרערן:
„קען אזוינס נאָך צו זיך קומען?
וועל איך אים נאָך זען ביים לעבן?"

הערט א ראָב דאָס פון אביימל,
זאָגט ער צו דער אלטער מוטער:
„ער וועט שוין צו זיך ניט קומען,
וועסט אים שוין נישט זען ביים לעבן —
אין דעם וואסער האָבן פישן
אויסגעפרעסן אים די אויגן,
אויפגעשפּאָלטן ברוסט און אקסלען,
וואַרף צוריק אים אין דעם וואסער,
אין טואָני'ס טייך דעם טיפן,
אפשר וועט ער נאָך א ים־הונט,
צי א וואלפיש דאָרטן ווערן."

נאָר די מוטער לעמינקיינען'ס
ווארפט אים ניט צוריק אין וואסער.
און זי הויבט אויפסניי אָן שארן
מיט דער הראבליע דורך די כוואליעס,
אקערט דורך דעם טייך אינגאנצן,
לענג און ברייט און ביי די ברעגן,
מיט דעם שטראָם און שטראָם אנטקעגן,
און זי שלעפּט ארויס פון וואסער
אלע שטיקער פון דעם טויטן:

קאָפּ און האנט און אלע ביינער
פון דעם רוקן לעמינקיינען'ס,
און פיל ביינער פון די ריפּן,
און זי זאמלט אויף די שטיקער,
שטעלט צוריק איר זון צוזאמען
פונקט ווי פריער, ווי ביים לעבן.

פלייש צו פלייש לייגט זי אנידער,
לייגט די ביינער צו די ביינער,
דריקט די אָדערן צוזאמען,
פּאסט די גלידער איינס צום צווייטן.

בינדט די אָדערן צוזאמען,
בינדט צוזאמען אלע עקן,
לאָזט ניט אויס דעם מינדסטן אָדער,
ציילט און קניפּט זיי אלע איבער,
און זי הויבט זיי אָן באשפּרעכן
מיט די ווערטער ווי זיי גייען:
„הער, דו שלאנקע סואָנעטאַר,
איבער אָדערן די געטין,
הער, דו שפּינערין דו שיינע
ביי דיין זילבערדיקן וועבשטול,
מיט דעם שיינעם קופּער־שפּינדל,
מיט דעם ראָד געמאכט פון אייזן,
קום אהער, דיין הילף איז נויטיק,
קום אהער און העלף מיר איצטער,
הער דעם יאָמער פון א מאמע,
העלף אן אומגליקלעכער מוטער,
קום מיט אָדערלעך א הויפן,
מיט א קניילכל אונטערן אָרעם,
קום מיט אָדערלעך די שענסטע
און פארקניפּ די אלע ריסן,
בינד צוזאמען אלע עקן,
ביי די טיפע שניט און וואונדן
אף דעם לייב, וואָס איז צעשניטן.

"אויב דער שפּרוך איז ניט גענוג נאָך,
קאָן איך גלייך א צווייטן זאָגן:
אין דער לופטן זיצט א מיידל
אין א רויט־געפארבטן שיפל.
קום, דו מיידל פון דער לופטן,
לאָז אראָפּ זיך פון דעם הימל,
פון די וואָלקנס פון די הויכע,
שיף זיך דורך די אָדערן אלע,
פאַר א־דורך די אלע גלידער,
אין די לעכער פון די ביינער,
דורך די שפּאלטן פון די גלידער.

"לייג די אָדערלעך צוזאמען,
אף זיין פּלאַץ לייג יעדן אָדער,
פּאס צו גרויסע צו די גרויסע,
ענד צו ענד זאָלסטו זיי בינדן,
לאָז ניט אויס דעם מינדסטן אָדער.

"נעם פון נעדעלעך דאָס דינסטע
מיט א פעדימל א זיידנס,
ניי מיט שטעכעלעך מיט קליינע,
ענד צו ענד זאָלסטו פארבינדן
פון די אָדערלעך די קליינע
מיט דעם פעדעמל דעם זיידנס.

"איז אָט־דער שפּרוך ניט גענוג נאָך,
קאָן איך גלייך א צווייטן זאָגן:
העלף מיר דו, אָ, גאָט פון הימל!
יומאלא, דו יונגפרוי שיינע!
צוים דיין פייערדיקן פערד איין,
שפּאַן דיין אָגער איין דעם שנעלן,
און די לאָשיקעס די פלינקע,
קום אין שליטעלע צופאָרן,
אין דיין שליטעלע דעם בונטן,
פאָר א־דורך א־יעדן אָדער,
דורך די קנאָכן, דורך די גלידער,
דורך דעם פלייש, וואָס איז צעריסן,
פאָר אהין און פאָר צוריק באלד,
לאָז ניט אויס דעם מינדסטן אָדער,
העפט דאָס פלייש אָן אָף די ביינער,
בינד די אָדערן צוזאמען,
ביי די גלידער גיס אָן זילבער,
לויטער גאָלד ביי יעדן אָדער.

"וואו די הויט איז נאָר צעריסן,
לאָז א נייע דאָרטן וואקסן;
איז אָן אָדער וואו צעשניטן —
שטארקער זאָלסטו אים פארקניפּן;
וואו דאָס בלוט איז אויסגערונען —
לאָז דאָרט פליסן פרישע בלוטן;
וואו עס איז א ביין צעבראָכן —
דאָרטן שטעל אריין א נייעם;
שיילט דאָס פלייש זיך אפּן קערפּער —
זאָל דאָס באלד פארוואקסן ווערן;
יעדן אבער זאָלסטו היילן,
אף זיין רעכטן פּלאַץ אים שטעלן,
פלייש צו פלייש און ביין צו ביינער,
שטארקער מאַך נאָך אלע גלידער."

אָט אזוי האָט איצט די מוטער
ערשט אויפסניי איר זון באשאפן,
און געבראכט איר העלד צום לעבן,
אים זיין אלט געשטאלט געגעבן.

אלע אָדערן פארשלאָסן,
אלע עקן פעסט פארבונדן,
נאָר דעם זון געפעלט האָט לשון,
ניט געקאָנט האָט ער נאָך ריידן.

קלערט און טראכט די אלטע מוטער
און הויבט אָן אזוי צו ריידן:

"וואו קאָן איך א זאלב איצט קריגן?
וואו באקומט מען האָניק־טראָפּן
איינצורייבן איצט דעם קראנקן,
פון זיין קרענק אים אויסצוהיילן,
ער זאָל ווידער קאָנען ריידן,
ער זאָל ווידער לידער זינגען.

"בין בינעלע, האָניק פייגעלע,
קיניגין פון אלע בלומען,
פלי ארויס און ברענג מיר האָניק,
גיי און ברענג מיר זיסע טראָפּן!
זוך אַף טאפּיאַלא׳ס פעלדער,
אַף די פליינען פון מעטזאַלא,
אין די בעכערלעד פון בלומען,
און אין שטענגעלעד פון גראָזן,
ברענג אהער די זיסע זאפטן
צו באשמירן זיינע וואונדן,
אים דאָס לייב זיינס איינצורייבן."

הויבט דאָס בינעלע דאָס פלינקע,
הויבט אָן פלאטערן און פליען
צו די פליינען פון מעטזאַלא,
צו די טאפּיאַלא־פעלדער,
זויגט אין בעכערלעד פון בלומען,
זויגט אין שטענגעלעד פון גראָזן,
זאמלט אויף די זיסע זאפטן,
זויגט זיי אויס פון הונדערט בלומען,
און פון קנאָספּן אפשר טויזנט,
און עס דויערט ניט קיין רגע,
קומט דאָס בינעלע צופליען
פול מיט האָניק און מיט זאפטן
אַף די פעדערלעד און פליגל.

נעמט א פריילעכע די מוטער,
נעמט אַף שנעל די כישוף־זאלבן,
שמירט מיט זיי איר זון דעם ליבן,
וויל אים היילן זיינע וואונדן,
נאָר עס העלפן ניט די זאפטן,
און איר זון ליגט אלץ אָן לשון,
רירט נאָך אלץ ניט מיט די ליפּן.

רופט זיך אָפּ די אלטע מוטער:
"בין בינעלע, האָניק פייגעלע,
פלי שוין איצטער ערגעץ אנדערש,
פלי אריבער די ניין ימים,
וועסטו קומען צו אן אינדזל,
צו א לאנד, וואָס טריפט מיט האָניק,
שטעל זיך אָפּ ביי טורי׳ס שטיבל,
ביי פאלוואַינענ׳ס נייער וואוינונג,
דאָרטן מאכט מען האָניק־זאלבן,
און די בעסטע זיסע זאפטן,
וואָס פארהיילן אלע וואונדן,
היילן אויס א־יעדן פעלער.
פלי־זשע שנעל און ברענג די זאלבן,
ברענג אהער די כישוף־זאפטן
אַף באשמירן זיינע וואונדן,
אים דאָס לייב זיינס איינצורייבן."

און דאָס בינעלע דאָס פלינקע
לאָזט א צווייטן מאָל זיך פליען
איבער די ניין ברייטע ימים,
ביז כמעט א העלפט פון צענטן,
פליט אָפּ איין טאָג און א צווייטן,
פליט א גאנצן טאָג דעם דריטן,
רוט אפילו ניט א רגע
אַף א בלעטל, צי א גרעזל,
ביז עס קומט צום שיינעם אינדזל,
צו דעם לאנד, וואָס טריפט מיט האָניק,
נעבן וואסערפאַל מיט פייער,
נעבן הייליקן געוויסער.

דאָרטן ווערט געקאָכט דער האָניק,
דאָרטן גרייט מען צו די זאַלבן
אין די פּיצינקע געפעסן,
אין די קעסעלעך פון קופּער,
פון קיין פינגערהוט ניט גרעסער,
אַף א פינגער פונקט געמאָסטן.

און דאָס בינעלע דאָס פלינקע
זאַמלט פלייסיק אויף די זאַלבן,
און עס דויערט ניט קיין רגע,
א מינוט איז קוים פאַרפלאָסן,
און עס טוט א־היים שוין זומען,
איילט און קומט צוריק איין אוונט,
טראָגט זעקס שעלכלעך אין די לאַפּקעס,
אַף דעם רוקן גאַנצע זיבן,
פול מיט היילנדיקע זאַלבן,
פול מיט שטאַרקע כישוף־זאַפטן.

נעמט די אַלטע מאַמע ווידער,
שמירט דעם זון אויס מיט די זאַלבן,
נײַן פאַרשיידענע זאַלבן נעמט זי,
שמירט אים אכט מאָל מיט די זאַפטן,
נאָר די מיטלען העלפן אַלץ ניט,
ברענגען אים ניט קיין רפואה.

רופט זיך ווידער אָן די מוטער:
„בין בינעלע, האָניק פייגעלע,
פלי א דריטן מאָל שוין איצטער,
צו די וואָלקנס, צו דעם הימל,
ביז ארויף צום ניינטן הימל,
דאָרט איז דאָ א ים מיט האָניק,
אָן א שיעור מיט זיסע טראָפּן,
וואָס געבענטשט האָט דער באַשעפער,
אָנגעהויכט זיי מיט זיין אָטעם,
און אַליין באַשמירט די וואונדן
פון די קינדער זיינע קראַנקע.

שטעק די פליגעלעך אין האָניק,
נעץ דיין מיילכל איין אין זאַפטן,
ברענג אַף פליגעלעך דעם האָניק,
אַף דיין מאַנטעלע די זאַפטן,
וועל איך אים זיין ווייטיק שטילן,
וועל איך אים זיין פעלער היילן."

נאָר דאָס בינעלע דאָס קלוגע
ענטפערט אָפּ אַזוי דער מוטער:
„ווי קען איך אַהין פאַרפליען,
איך, א קליינס אַזאַ און שוואַכינקס!"
„ס'וועט דיר, בינעלע, געלונגען,
וועסט אַהינצו לייכט פאַרפליען
איבער וועגן איבער שיינע,
צווישן לויכטנדיקע שטערן.
זום דעם ערשטן טאָג אַריבער
צו דעם שלייף פון דער לבנה,
פלי דעם צווייטן טאָג זיך ווייטער,
ביז דו קומסט צום בער אין הימל,
צו דעם קאָפּ פון זיבן שטערן,
און פון דאָרטן בלייבט שוין ווינציק,
בלייבט א קליינינקייט צו פליען,
ביז אַרויף, צו גאָט אין הימל,
ביז צו יומאַלאַ דעם ריינעם."

טוט דאָס בינעלע א הויב זיך
פון דער ערד אַרויף צום הימל,
הויבט אָן פלאַטערן און פליען
אַף די פליגעלעך די פלינקע,
שוועבט און פלאַטערט אַזוי פריילעך,
ביז צום שלייף פון דער לבנה,
און פון דאָרט צום בער אין הימל,
ביז דעם קאָפּ פון זיבן שטערן,
זומט אַריין דערנאָך אין קעלער,
גלייך צו יומאַלאַ'ן אין קאַמער,

וואו מען מאכט די בעסטע זאלבן,
און די היילנדיקע זאַפטן,
אין די זילבערנע געפעסן,
און אין טעפּ פון לויטער גינגאָלד;
פּונקט אין מיטן קאָכט מען האָניק,
ביי די זייטן מאַכט מען זאַלבן,
אויף דער דרום־זייט — באַלזאַמען,
און אויף צפון — פעטע זאַפטן.

און דאָס בינעלע דאָס פלינקע
זאַמלט פלייסיק אויף דעם האָניק,
און די בעסטע פון די זאַלבן,
און עס דויערט ניט קיין רגע,
אַ מינוט איז קוים פאַרפלאָסן,
און עס קומט צוריק צופליען,
קומט באַלאָדן מיט רפואות:
הונדערט טעפּעלעך אין פאַלע,
אויפן רוקן — טויזנט שעלכלעך
פול מיט האָניק, פול מיט וואַסער
און מיט היילנדיקע זאַלבן.

נעמט דעם קראַנקנס אַלטע מוטער,
טראָגט צום מויל צו די רפואות,
טוט אַ לעק, פאַרזוכט זיי אַלע,
טראַכט אַ ווייל און הויבט אָן ריידן:
„כ'האָב געפונען די רעכטע זאַלבן,
און די היילנדיקע זאַפטן,
זיי נוצט יומאַלאַ באַשטענדיק
אויף צו היילן יעדן ווייטיק.“

און זי נעמט זיך צו דעם קראַנקן,
הויבט אים אָן מיט זאַלב צו שמירן,
שמירט מיט זאַלב אָן אַלע גלידער,
ביי די שפּאַלטן פון די ביינער,
שמירט אָן אונטן, שמירט אָן אויבן,

און דערנאָך די מיטל־שטיקער,
און מיט אַלע אירע כוחות
הויבט זי אָן אַזוי צו ריידן:
„זונע מיינער, הער אויף שלאָפן,
שטיי שוין אויף, געזונט געחלומ'ט
אויף דעם אומגליקלעכן פּלאַץ דאָ,
אויף דעם ווייטיקדיקן בעטל.“

טוט אַ הויב זיך לעמינקיינען
פון זיין שלאָף און פון זיין חלום,
טוט אָן עפן זיינע ליפּן,
און הויבט אָן ווי פריער ריידן:
„נו, בין איך דאָ לאַנג געשלאָפן,
ווי אַ פוילער דאָ געלעגן,
אין אַ טיפן שלאָף פאַרזונקען,
זיך געפּלאָנטערט אין חלומות.“

רופט זיך אָן די אַלטע מוטער:
„וואָלסט נאָך לענגער דאָ געשלאָפן,
דאָ געלעגן און געחלומ'ט,
ווען ניט איך, דיין אַלטע מאַמע,
ווען איך שיק דיך ניט אַצינדערט.

„זאָג מיר איצטער, קינד מיינס טייערס,
זאָג, איך וויל דאָס טאַקע וויסן:
ווי קומסטו גאָר קיין מאַנאַלאַ,
אין דעם טיפן טייך טואָני'ס?“

ענטפערט גלייך איר לעמינקיינען:
„אונטאַמאַלאַ'ס בלינדער פּאַסטוך
מיט דעם היטעלע דעם נאַסן
האָט געבראַכט מיך קיין מאַנאַלאַ,
אין טואָני'ס טייך געשטויסן,
אָנגעשיקט די שלאַנג פון וואַסער,
מיר אין פּנים זי געוואָרפן,

און געפעלט האָט מיר דאָס וויסן,
ווי דעם ביס פון שלאַנג צו היילן,
שלאַנגען־וואונדן צו באַשפּרעכן.״

רופט זיך אָן די אַלטע מוטער:
„אוי, ביסטו אַ נאַר, מיין גיבור!
ווילסט מיט לאַפּלאַנד׳ס זין זיך מעסטן,
מיט די כישופמאַכרס אירע,
און דו הויבסט ניט אָן צו וויסן,
ווי אַ ביס פון שלאַנג פאַרשפּרעכן,
שלאַנגען־וואונדן צו פאַרהיילן!

„ס׳קומט די וואַסער־שלאַנג פון וואַסער,
פון דער וואַסער־מעווע׳ס קעפּל,
פון דעם גוטן מאַרך פון ים־שוואַלב.
ס׳האָט אַמאָל אַריינגעשפּיגן
סואָנעטאַר אין דעם וואַסער,
אויף דעם ים געשפּרייט די סלינע,
האָט דאָס וואַסער זי צעצויגן,
און דאָס זון־ליכט ווייך געוואַרעמט,
און דער ווינט אַרומגעשליידערט,
און די כוואַליעס זי פאַרטראָגן,
אויף דעם ברעג אַרויפגעוואָרפן.״

אַט אַזוי האָט אים די מוטער,
לעמינקיינען׳ס אַלטע מוטער,
איצט געבראַכט צוריק צום לעבן,
אים זיין אַלט געשטאַלט געגעבן,
אים געמאַכט נאָך שטאַרקער, שענער,
ווי ער איז געווען אַ־פריער.
נאָכדעם פרעגט זי ביי איר ליבן,
צי עס פעלט אים ניט קיין זאַך מער.

ענטפערט גלייך איר לעמינקיינען:
„זייער פיל נאָך טוט מיר פעלן,
ווייט איז מיר מיין האַרץ פון דאַנען:
ביי די מיידלעך פון דעם נאָרדלאַנד,
ביי דעם שיין־געלאָקטן מיידל,
ביי דער שיינער כלה מיינער.
נאָר פּאָכיאָלאַ׳ס אַלטע האַריק
וועט איר טאָכטער מיר ניט געבן,
ביז איך שיס איר ניט דעם פויגל,
ביז איך פאַנג איר ניט די שוואַנען
אין דעם טיפן טייך טואָני׳ס,
אויף דעם הייליקן געוויסער.״

רופט זיך אָן די אַלטע מוטער:
„בעסער לאָז צו־רו די שוואַנען,
לאָז די ענטלעך רואיק שווימען
אין טואָני׳ס טייך דעם שוואַרצן,
אין דעם וואַסערפאַל מיט פייער.
קום צוריק אַ־היים אַצינדערט
מיט דיין אומגליקלעכער מאַמען.

„דו דאַרפסט גאָט גענוג איצט לויבן,
דעם אַלמעכטיקן פיל דאַנקען,
וואָס האָט דיר אַרויסגעהאָלפן,
דיך געבראַכט צוריק צום לעבן,
פון טואָני׳ס טונקעלע וועגן,
פון דעם קיניגרייך פון מאַנאַ.
ס׳וואָלט מיר קיינמאָל ניט געלונגען
מיט די כוחות מיינע קליינע,
דיך צוריק צום לעבן ברענגען
אָן דעם חסד פון דעם הימל,
און אָן יומאַלאַ׳ס רחמנות.״

איצט האָט מונטער לעמינקיינען
זיך גענומען גלייך אַ־היים גיין
מיט זיין קלוגער אַלטער מאַמען,
מיט זיין פיל־געליבטער מאַמען.

# זעכצענטע רונע

## וואינאמאָינען אין טואָנעלא

וואינאמאינען וויל בויען אַ שיף, גייט סאמפּסא פעלערוואינען זוכן פּאַר אים געהילץ. ווען ער בויט אויס די שיף, כאַפּט ער זיך, אַז אים פעלן דריי כישוף־ווערטער. ער לאָזט זיך קיין טואָ־נעלא, וואו ער האָפט צו געפינען די ווערטער. ווען ער קומט צוריק, וואָרנט ער אלעמען אהין ניט צו פאָרן.

## 16טע רונע



ון דער זינגער וואינאמאינען,
ער, דער אוראלטער מכשף,
האט פארטראכט א שיף צו בויען,
זיך באקלערט א שיפל מאכן
אף דעם אינדזל פול מיט נעפל,
שטענדיק פול מיט שווארצע וואלקנס;
איז קיין ביימער ניט געוועזן דארט,
ניט געוועזן דארט קיין ברעטער.

ווער־זשע וועט געהילץ א זוך טאן
ווער־זשע וועט א דעמב געפינען
פאר דעם זינגער וואינאמאינען,
אז ער זאל א שיף זיך בויען ?
פעלערוואינען, זון פון פליינען,
סאמפסא, קלייך־געוויקסיק אינגל,
ער וועט דאס געהילץ גיין זוכן,
ער וועט שוין א דעמב געפינען
פאר דעם זינגער וואינאמאינען,
אז ער זאל א שיף זיך בויען,
זאל דעם קיל פון ברעטער מאכן.

לאזט זיך סאמפסא פעלערוואינען
גיין אין וועג אריין פאמעלעך,
און ער גייט אף צפון־מזרח,
זוכט אף איין בארג, אף א צווייטן,
און ער גייט אוועק צום דריטן,
און די האק, פון גאלד געגאסן,
מיט דעם קופערדיקן הענטל,
טראגט ער מיט זיך אף זיין אקסל.
קומט אן עספן־בוים אנטקעגן,
קוים דריי קלאפטער אויסגעוואקסן.

וויל ער גלייך דעם בוים א האק טאן,
מיט דער האק ארונטערהאקן —
הויבט דער בוים צו אים אן ריידן,
הויבט אן איילנדיק די ווערטער :
”זאג מיר, מענטש, וואס ווילסטו האבן,
זאג, וואס דארפסטו פון מיר מאכן ?“

ענטפערט סאמפסא פעלערוואינען
און הויבט אן אזוי צו ריידן :

"ווייסטו, בוים, וואָס איך וויל האָבן,
וואָס איך זוך און טו באַגערן?
כ'דאַרף געהילץ אַצינדערט האָבן
פאַר דעם זינגער וואַינאַמאַינען,
אַז ער זאָל אַ שיף זיך בויען,
זאָל דעם קיל פון ברעטער מאַכן."

זאָגט דער עספּן־בוים פאַרחידושט,
ענטפערט דורך די הונדערט צווייגן:
"קענסט פון מיר קיין שיף ניט בויען,
אויב דו וועסט זי פון מיר מאַכן,
וועט זי רינען און וועט זינקען,
ווייל מיין שטאַם איז פויל אינגאַנצן.
היינטיקן זומער האָבן ווערים
דריי מאָל שוין מיין האַרץ געפרעסן,
וואו אַ טראָפּן זאַפט אין וואָרצל
האָבן זיי שוין אויסגעזויגן."

הערט ער, סאַמפּסאַ פּעלערוואַינען,
און ער לאָזט זיך גלייך גיין ווייטער,
און ער גייט אַזוי פּאַמעלעך
מיט דעם וועג וואָס פירט אויף צפון.

קומט אַ סאָסנע אים אַנטקעגן,
שיין און גלייך און הויך זעקס קלאַפטער,
כאַפּט ער גלייך די האַק פון אַקסל
און הויבט אָן די סאָסנע האַקן,
וויל זי גלייך אַרונטערהאַקן,
און ער הויבט זי אָן צו פרעגן:
"זאָג מיר, סאָסנע, וועסטו טויגן,
אַז דער זינגער וואַינאַמאַינען
זאָל פון דיר אַ שיף זיך מאַכן?"

הויבט די סאָסנע אָן צו ריידן,
און זי ענטפערט שוין מיט צאָרן:
"וועסט פון מיר קיין שיף ניט בויען,
די זעקס ריפּן קיינמאָל מאַכן.
היינטיקן זומער האָט שוין דריי מאָל
פון מיין שפּיץ אַ ראָב געקראַקעט,
און וואָראָנעס פון די צווייגן."

הערט ער, סאַמפּסאַ פּעלערוואַינען,
און ער לאָזט זיך גלייך אַוועקגיין,
און ער גייט צוריק פּאַמעלעך
אויף דעם וועג וואָס פירט קיין דרום.

קומט אַ דעמב אים אָן אַנטקעגן,
האַלט ער אין דער גרעב ניין קלאַפטער.
הויבט צו אים אָן סאַמפּסאַ ריידן,
הויבט אים באַלד אָן אויסצופרעגן:
"זאָג מיר, דעמב, צי וועסטו טויגן,
אַז דער זינגער וואַינאַמאַינען
זאָל פון דיר אַ שיף זיך מאַכן,
זאָל פון דיר דעם קיל דאָרט לייגן?"

קלוג הויבט אָן דער דעמב צו ריידן,
גיט אים גלייך אַזוי אַן ענטפער:
"פאַר אַ שיף בין איך באַשאַפן,
וועסט געהילץ גענוג דאָ האָבן
אי דעם קיל פון שיף צו מאַכן,
אי די דילן אויסצולייגן.
קרעפטיק איז מיין שטאַם דער שלאַנקער,
פון קיין ווערים ניט צעפרעסן.
אַ מאָל דריי האָט שוין דעם זומער,
אין די סאַמע גרעסטע היצן,
דורך מיין האַרץ די זון געוואַנדערט,
און די גאָלדענע לבנה
האָט שוין אויף מיין שפּיץ געלויכטן,
און דער קוקוק האָט געזונגען
אויף די סאַמע העכסטע צווייגן,
און צווישן מיינע בלעטער
רוען פייגעלעך אין נעסטן."

הערט ער, סאמפּסא פּעלערוואינען,
און ער נעמט די האַק אַרונטער,
און ער הויבט דעם דעמב אָן האַקן,
מיט דער שאַרף אים צו פאַרשניידן,
און ער וואַלגערט אים אַנידער,
לאָזט אים גלייך אַרונטערזינקען.

פריער האַקט ער אָפּ די שפּיצן,
און צעהאַקט דעם שטאַם אויף שטיקער,
נאָכדעם שפּאַלט ער זיי אויף פּאַליעס,
און ער טעסעט אויס די ברעטער
פאַר דעם זינגער׳ס שיף דער שיינער,
פאַר דער קריג־שיף וואַינאַמאָינען׳ס.

אַט אַזוי האָט וואַינעמאָינען,
האָט דער אוראַלטער מכשף,
זיך געמאַכט זיין שיף מיט כּישוף,
און מיט לידער זי געבויעט
פון די ברייטע דעמבע־ברעטער,
פון דעמבאָווע שטאַרקע באַלקנס.

זינגט ער אויף א ליד אַן איינציקס,
ווערט דער קיל ביי אים באַשאַפן,
ביי דעם צווייטן — ווערן ווענטלעך,
ביי דעם דריטן — ווערט דער רודער,
און ער שליסט צונויף די ריפּן,
און פאַרפעסטיקט אַלע שלעסער.

שוין געמאַכט זיינען די ריפּן,
און צונויפגעשטעלט די ווענטלעך,
נאָר עס פעלן אים דריי ווערטער
צו פאַרפעסטיקן די זייטן,
פונקט אין פּלאַץ די נאָז צו שטעלן,
און פון הינטערטייל — די באַלקנס.

און דער זינגער וואַינאַמאָינען,
ער, דער אוראַלטער מכשף,

הויבט אַזוי צו זיך אָן ריידן:
„וויי איז מיר און וויי מיין לעבן!
כ׳קאָן מיין שיף אין ים ניט לאָזן,
אויף די כוואַליעס זי ניט פירן.“

און ער הויבט אָן טראַכטן־קלערן,
וואו די ווערטער צו געפינען,
וואו דעם כּישוף־שפּרוך צו קריגן:
„אפשר אין די שוואַלב־געהירן?
צי אין ווייסע שוואַנען־קעפּלעך,
אָדער אונטער מעווע־פליגלען?“

און ער גייט די ווערטער זוכן,
און ער הרג׳עט בערג מיט שוואַלבן,
גאַנצע טשערעדעס מיט שוואַנען,
און ער שיסט א ים מיט מעוועס,
נאָר ער האָט דאָרט ניט געפונען
ניט קיין וואָרט און ניט קיין האַלבן.

הויבט ער אָן צו טראַכטן־קלערן:
„כ׳קען דאָך הונדערט ווערטער זאַמלען
אויף די צינגער פון די הירשן,
און ביי וועווריקלעך אין מיילער.“

און ער גייט די ווערטער זוכן,
און ער גייט די שפּרוכן זאַמלען,
און ער שיסט א פעלד מיט הירשן,
פאַקט אָן וועווריקלעך א בוידעם,
און געפינט א ים מיט ווערטער,
נאָר קיין איינס, וואָס קאָן אים העלפן.

הויבט ער ווידער אָן צו טראַכטן:
„כ׳קען דאָך הונדערט ווערטער זאַמלען
אין די שטיבלעך פון טואָני,
אין די טאָלן פון מאַנאַלאַ.“

און ער לאָזט זיך קיין טואָני,
איילט צום קיניגרייך פון מאנא,
אויפצוזוכן די דריי ווערטער.
גייט ער איין וואָך צווישן דערנער,
און דורך קאַלענעס — די צווייטע,
און א דריטע — צווישן דעמבעס,
ביז ער קומט צו מאנא׳ס אינדזל
און דערזעט דעם בארג טואָני׳ס.

שרייט דער זינגער וואינאמאָינען
מיט א הויכן קול אריבער
איבער מאנא׳ס טיפע וואַסערן,
איבערן שטראָם פון טואָנעלא:
„ברענג די שיף, טואָני׳ס טאָכטער!
צי דעם שווים־בריק פאר מיר איבער!
קינד מאנאלא׳ס, פיר אריבער,
פיר דאָס טונקעלע וואַסער איבער!"

און טואָני׳ס קליינע טאָכטער,
מאנא׳ס קורץ געוויקסיק מיידל,
האָט גראָד וועש געוואַשן דעמאָלט,
ביי דעם פינצטערן שטראָם טואָני׳ס,
אין די וואַסערן פון מאנא,
און זי ענטפערט גלייך אריבער,
הויבט אזוי צו אים אָן ריידן:
„ווייסטו ווען איך ברענג א שיף דיר?
ווען דו וועסט מיר אויסדערציילן
צוליב וואָס דו קומסט קיין מאנא,
פון קיין קראנקהייט ניט געטראָפן,
פון דעם טויט ניט בייגעקומען,
ניט געשטערט פון קיין שום אומגליק."

ענטפערט קלוג איר וואינאמאָינען
און ער הויבט אזוי אָן ריידן:
„מאנא האָט אהער געבראַכט מיך,
און פארשלעפט האָט מיך טואָני."

און טואָני׳ס קליינע טאָכטער,
מאנא׳ס קורץ־געוויקסיק מיידל,
גיט אים גלייך איר ענטפער איבער:
„גלייך דערקענט האָב איך דיין ליגן.
ווען טואָני זאָל דיך ברענגען,
און ווען מאנא זאָל דיך שלעפן,
וואָלט ער דאָ געווען אצינדערט,
ביי דער האַנט געפירט דיך איצטער,
מיט זיין מאַנטל אויף דיין אַקסל,
אויף דיין האַנט די הענטשקע זיינע.
זאָג דעם אמת, וואינאמאָינען:
ווער האָט דיך אהער גערופן?"

ענטפערט קלוג איר וואינאמאָינען
און ער הויבט אזוי אָן ריידן:
„אייזן שטויסט מיך קיין טואָני,
שטאָל פארשלעפט מיך קיין מאנאלא."

נאָר טואָני׳ס קליינע טאָכטער,
מאנא׳ס קורץ־געוויקסיק מיידל,
הויבט אויפסניי צו אים אָן ריידן:
„גלייך דערקענט האָב איך דיין ליגן —
אויב עס האָט דיך שטאָל געריסן,
וואָלט דיר בלוט פון קלייד גערונען,
רויטע טראָפּן וואָלטן טריפן.
זאָג דעם אמת, וואינאמאָינען,
זאָל שוין זיין גענוג צו ליגן."

ענטפערט קלוג איר וואינאמאָינען
און הויבט אָן אזוי צו ריידן:
„וואַסער טרייבט מיך קיין טואָני,
כוואַליעס שטויסן מיך קיין מאנא."

נאָר טואָני׳ס קליינע טאָכטער,
מאנא׳ס קורץ־געוויקסיק מיידל,
הויבט אָן ווידער צו אים ריידן:

„גלייך דערקענט האָב איך דיין ליגן —
וואָלט א וואסער דיך געטריבן,
וואָלטן כוואליעס דיך געשטויסן,
וואָלסטו איצטער נאַס געווען,
וואָלט געקאַפּעט פון דיר וואסער.
זאָג דעם אמת, וואינאַמאָינען,
זאָל שוין זיין גענוג צו ליאַגן."

ענטפערט קלוג איר וואינאַמאָינען
און ער הויבט אזוי אָן ריידן:
„פייער יאָגט מיך קיין טואָני,
ווילדע פלאַמען — קיין מאַנאַלא."

נאָך טואָני׳ס קליינע טאָכטער,
מאַנאַ׳ס קורץ־געוויקסיק מיידל,
הויבט צו אים אויפסניי אָן ריידן:
„גלייך דערקענט האָב איך דיין ליגן.
ווען עס יאָגט אהער דיך פייער,
ווילדע פלאַמען זאָלן טרייבן,
ווערט דיין קאָפּ גלייך אָפּגעסמאַליעט,
און דיין באָרד ברענט אָפּ אינגאַנצן.
אָ, דו זינגער ווייטגעליבטער,
אויב דו ווילסט א שיף דאָ קריגן,
מוזסטו מיר דעם אמת זאָגן,
ווי דו ביסט אהער געקומען,
פון קיין קראַנקהייט ניט געטראָפן,
פון דעם טויט ניט ביייגעקומען,
ניט געשטערט פון קיין שום אומגליק."

ענטפערט קלוג איר וואינאַמאָינען,
און ער הויבט אזוי אָן ריידן:
„ניט דערציילט האָב איך דעם אמת,
כ׳האָב געזאָגט א שטיקל ליגן,
נאָר אצינדערט הער דעם אמת:
כ׳האָב א שיף געמאַכט מיט כישוף,
זי מיט לידער אויפגעבויעט,

אָפּגעזונגען האָב איך איין טאָג,
און א צווייטן טאָג א גאַנצן,
נאָר דעם דריטן טאָג האָט פלוצים
זיך מיין שליטן גראָד צעבראָכן,
קום איך איצטער קיין מאַנאַלא,
דאָ אַן עקבערל צו קריגן
צו פאַריכטן מיר מיין שליטן,
ווידער אים צוזאַמענשטעלן.
ברענג מיר איצט די שיף אַריבער,
פיר אַריבער, קינד מאַנאַלאַ׳ס,
מיך דאָס טיפע טונקעלע וואסער,
איבערן ברייטן טייך דעם שוואַרצן."

ווערט אין כעס מאַנאַלאַ׳ס טאָכטער,
און זי הויבט אים אָן צו זידלען:
„נאָר דו, ווילדער, ביסט משוגע —
אָן א גרונט און אָן שום קראַנקהייט
זיך צו לאָזן קיין טואָני!
וואָלסט געטאָן א סך שוין קלוגער,
ווען דו גייסט א־היים וואָס גיכער,
פילע קומען קיין מאַנאַלא,
נאָר צוריקגיין גייען ווייניק."

זאָגט דער אַלטער וואינאַמאָינען:
„גיין צוריק — דאָס טוען ווייבער,
ניט קיין מאַן, ווי שוואַך ער איז ניט,
ניט קיין העלד מיט באָרד באוואַקסן,
ברענג די שיף, טואָני׳ס טאָכטער,
ברענג דעם שווים־בריק, קינד מאַ־
נאַלאַ׳ס."

איצטער נעמט מאַנאַלאַ׳ס טאָכטער
און זי ברענגט די שיף אַריבער,
פירט דעם אַלטן וואינאַמאָינען,
שיפט אים איבערן טייך אַריבער,
און זי הויבט אזוי אָן ריידן:

"ווי צו דיר, אַ, וואינאַמאַינען,
קומסט קיין מאַנאַ ניט געשטאָרבן,
איידער מ׳האָט דיך נאָך גערופן."

טואָנעטאַר, איידעלע האַריִן,
זי, די ווירדיקסטע פון מאַנאַ,
טראָגט אַרײַן גלײַך מעד אַ קריגל,
מיט צוויי אויערן אַ קריגל,
און צום גאַסט געוווּנדעט, זאָגט זי:
"טרינק, דו אַלטער וואינאַמאַינען."

נעמט דער זינגער וואינאַמאַינען
אין די הענט אַרײַן דאָס קריגל
און ער הויבט עס אָן באַטראַכטן.
זעט ער אינעווייניק זשאַבעס,
ווערים קריכן אויף די זייטן,
און ער הויבט אַזוי אָן ריידן:
"כ׳בין אַהער דאָך ניט געקומען
דאָ פון מאַנאַ׳ס קריגל טרינקען,
און טואָני׳ס מעד פאַרזוכן.
לייכט באַרוישט ער יעדן טרינקער,
און ער פירט צום גרעסטן אומגליק."

זאָגט די האַריִן פון טואָני:
"זאָג, אַ, זינגער וואינאַמאַינען,
זאָג, ווי קומסטו קיין טואָני,
אין דעם קיניגרייך פון מאַנאַ,
איידער מ׳האָט דיך גאָר גערופן?"

ענטפערט גלײַך איר וואינאַמאַינען:
"ווען איך האָב מײַן שיף געבויעט,
מיט געזאַנג אַזוי געאַרבעט,
זע איך, אַז מיר פעלט דריי ווערטער
צו פאַרפעסטיקן די זייטן,
פונקט אין פלאַץ די נאָז צו שטעלן;
אומעטום געזוכט די ווערטער

און זיי ניט געקענט געפינען,
האָב איך זיך געלאָזט קיין מאַנאַ,
צו די שטיבלעך פון טואָני,
דאָ די ווערטער אויפצוזוכן,
דאָ דעם שפּרוך זיך אויסצולערנען."

און די האַריִן פון טואָני
הויבט צו אים אַזוי אָן ריידן:
"ניט ביי מאַנאַ׳ן קריגסטו ווערטער,
ניט קיין שפּרוכן אין טואָני!
וועסט שוין קיינמאָל ניט פון דאַנען
אין דעם גאַנצן לעבן דײַנעם,
צו דײַן לאַנד צוריק זיך לאָזן,
אין דײַן אייגן הויז אַרײַנגיין."

און זי וואַרפט אַ שלאָף אַ טיפן
אויף דעם וואַנדערער דעם מידן,
און זי לייגט דעם העלד אַנידער
אויף דעם בעטל פון טואָני,
ליגט דער העלד אין טיפן דרימל,
נאָר די קליידער זײַנע וואַכן.

אין טואָני לעבט אַ זקנה,
הענגט דער קין איר שוין אַרונטער,
שפּינט זי פֿאָדים אויס פון אײַזן,
און פון קופּער ציט זי דראָטן.
נעמט די אַלטע זיך צו שפּינען,
בלויז איין זומער נאָכט צו שפּינען,
און זי שפּינט אויס הונדערט נעצן,
אפשר טאָקע גאַנצע טויזנט,
אויף דעם פעלז אינמיטן וואַסער.

אין טואָני לעבט אַ זקן,
האָט דער אַלטער בלויז דריי פינגער,
קענט ער דראָטן אויס פון אײַזן,
און פון קופּער פלעכט ער נעצן.

האָט דער אַלטער אויסגעפּלאַכטן
זיך אַ נעץ פון הונדערט קלאַפטער,
אפשר טאקע גאַנצע טויזנט.
אין דער זומער־נאַכט דער זעלבער,
טאקע אַף דעם פעלז דעם זעלבן.

ביי טואָני׳ס זון די פינגער
זיינען קרום און שטאַרק ווי אייזן,
נעמט ער אַלע הונדערט נעצן
און פאַרצאַמט דעם שטראָם טואָני׳ס,
ברייט און לענג און אַלע זייטן,
אַז דער זינגער וואַינאַמאַינען
זאָל ניט קענען שוין אַנטלויפן
אַף דעם גאַנצן לעבן זיינעם,
אַזוי לאַנג די זון וועט שיינען,
פון די שטיבלעך פון מאַנאַלאַ,
פון די וואוינונגען טואָני׳ס.

הויבט דער זינגער וואַינאַמאַינען,
הויבט ער אָן אַזוי צו ריידן:
„אוי, מיר דוכט עס קומט אַן אומגליק,
צרות גרויסע אַף מיין לעבן
אין די שטיבלעך פון טואָני,
אין די וואוינונגען פון מאַנאַ."

שנעל פאַרענדערט ער זיין אויסזען,
דאָס געשטאַלט זיינס בייט ער איבער,
גייט צום וואַסער שוין אַ שוואַרצער,
דורך טשערעטן ווי אַן אָטער,
ווי אַ שלאַנג פון אייזן קריכט ער,
און ער שפּאַרט זיך ווי אַ וואָרים
דורך דעם שטראָם פון טואָנעלאַ,
דורך די נעצן פון מאַנאַלאַ.

טואָני׳ס זון מיט קרומע פינגער,
קרומע פינגער שטאַרק ווי אייזן,
גייט אַרויס פאַרפרי צום וואַסער,
גייט באַקוקן זיינע נעצן,
און געפינט דאָרט הונדערט העכטלעך,
אפשר טויזנט אַנדערע פישלעך,
נאָר דעם זינגער וואַינאַמאַינען,
אים נאָר האָט ער ניט געפונען.

ווען דער זינגער וואַינאַמאַינען
איז פון מאַנאַ׳ס לאַנד אַנטלאָפן,
האָט ער באַלד געלאָזט זיך הערן,
גלייך אַזוי גענומען ריידן:
„קיינמאָל זאָלסטו, גאָטעניו גוטער,
קיינע מענטשן ניט דערלאָזן
ביז מאַנאַלאַ צו דערגרייכן,
קיין טואָני אָנצוקומען.
גיין אַהינצו גייען פילע,
נאָר צוריקגיין זעט מען ווינציק
פון די שטיבלעך פון מאַנאַלאַ,
פון די וואוינונגען טואָני׳ס."

און דערנאָכדעם רעדט ער ווייטער,
און ער זאָגט אַזוינע ווערטער
צו דער יוגנט פון אַצינדערט,
צו דעם דור וואָס האַלט אין וואַקסן:
„קיינמאָל זאָלט איר, מענטשנקינדער,
אין דעם גאַנצן לעבן אייערס
דעם גערעכטן שלעכט באַטרעטן,
מיט דעם גוטן בייז ניט האַנדלען,
ווייל מען וועט אייך שטאַרק באַשטראָפן
אין דעם קיניגרייך פון מאַנאַ.
דאָרטן זיינען בלויז רשעים,
בלויז די זינדער זיינען דאָרטן,
אונטער שטיינער רויט ווי פייער,
אונטער גליענדיקע שטיינער,
אונטער קאָלדרעס פון שלאַנגען,
פון די בייזע שלענג טואָני׳ס."

# זיבעצענטע רונע

## וואינאמאָינען און וויפּונען

וואינאמאָינען לאָזט זיך זוכן די כישוף־ווערטער ביים מכשף וויפּונען. וויפּונען שלינגט אים איין. אָבער וואינאמאָינען בויט אויס אַ קוזניע אין בויך ביים מכשף און מאַטערט אים אַזוי לאַנג, ביז ער זאָגט אים צו אויסצולערנען אַלע כישוף־ווערטער, וואָס ער דאַרף. ער באַפרייט אים, און וואינאמאָינען לאָזט זיך צוריק אַ־היים צו פאַרענדיקן זיין שיף, וואָס ער האָט אָנגע־הויבן בויען.


ון דער זינגער וואינאמאינען
האָט קיין ווערטער ניט געפונען,
האָט קיין כישוף ניט געלערנט
אין טואָני׳ס טונקעלע שטיבלעך,
אין די וואוינונגען פון מאַנא.
הויבט ער אָן צו טראַכטן־קלערן,
אין זיין קאָפּ אַלץ איבערוועגן,
וואו צו זוכן כישוף־שפּרוכן,
וואו דאָס כישוף־וואָרט געפינען.

17טע
רונע

קומט אַ פּאַסטוך אים אַנטקעגן
און הויבט אָן אַזוי צו ריידן:
„קענסט געפינען הונדערט ווערטער,
זאַמלען אפשר טויזנט שפּרוכן
אין וויפּונענ׳ס מויל דעם קלוגן,
אין דעם גוף פון גרויסן גיבור,
צו דעם פּלאַץ ווייס איך אַ צוגאַנג,
כ׳ווייס דעם כישוף־וועג צום קבר,
אויסגעטראָטן שוין פון העלדן,
ניט דער בעסטער פון די גוטע,
ניט דער ערגסטער פון די שלעכטע;
פריער מוזסטו לאַנג־לאַנג לויפן
אויף געשאַרפטע נאָדל־שפּיצן,
נאָכדעם ווידער גיין אַ מהלך
אויף אַנטבלויזטע שאַרפע שווערדן,
און צום סוף אַ צייט ערשט שפּאַנען
אויף אַ שורה שאַרפע העקלעך.”

קלערט דער אַלטער וואינאַמאינען,
טראַכט אַרום גוט די נסיעה,
און ער גייט אַוועק אין קוזניע,
און ער זאָגט אַזוי צום קאָוואַל:
„אילמאַרינען, גרויסער מייסטער!
מאַך מיר גלייך אַ העמד פון אייזן,
פון מעטאַל שמיד אויס מיר שטיוול,
גיס אויס הענטשקעס מיר פון קופּער,
גיס מיר אָפּ אַ שטאַרקן שטעקן,
טו אַריין אין אים אַ כישוף,
האַרטן שטאָל פון אינעווייניק
און אַרום נאָר וויכן אייזן;
כ׳וויל אַוועקגיין איצטער זוכן
כישוף־ווערטער, כישוף־שפּרוכן,
אין דעם מויל פון דעם מכשף,
אויף וויפּונענ׳ס צונג דעם קלוגן.”
זאָגט דער מייסטער אילמאַרינען:
„שוין געשטאָרבן איז וויפּונען,

שוין א צייט איז ער פארשוואונדן,
ער פארלייגט שוין ניט קיין פאסטקעס,
ער פארוואַרפט שוין ניט קיין נעצן,
קענסט פון אים קיין כישוף לערנען,
קענסט פון אים קיין וואָרט ניט הערן.״

וואינאמאָינען פול מיט גלויבן,
הערט די ווערטער ניט פון מייסטער,
ווערט ניט אָן זיין מוט און האָפענונג,
טוט פון אייזן אָן די שטיוול,
ציט ארויף זיין שטאַרקן פאנצער,
לאָזט אין וועג זיך פלינק און פריילעך;
לויפט ער אַפּ א טאָג א גאַנצן
אַף געשאַרפטע נאָדל־שפּיצן,
און אַף מאָרגן גייט ער ווידער
אַף אנטבלויזטע שאַרפע שווערדן,
שפאנט דעם דריטן טאָג אַלץ ווייטער
אַף א שורה שאַרפע העקלעך.

און וויפּונען דער מכשף,
אַלטער העלד און גרויסער זינגער,
ליגט זיך דאָרטן אויסגעצויגן,
און לע׳ם אים — די כישוף־שפּרוכן.
אַף זיין אַקסל וואַקסט אַן עספע,
צוויי בערעזעס — אַף די שלייפן,
פון זיין גאָמבע שפּאַרט אַן אַלכע,
פון זיין באָרד — פאַרצווייגטע ווערבעס,
פון זיין מויל — א גרויסע סאָסנע
פול מיט האָזן אַף די צווייגן,
און א ריז א דעמב — פון שטערן.

וואינאמאָינען גייט צו נענטער,
ציט ארויס די שווערד פון שיידל,
פון זיין לעדער־זאַק דאָס העקל,
האַקט דעם עספּן־בוים ארונטער,
האַקט אַראָפּ די צוויי בערעזעס,
האַקט פון גאָמבע אַפּ די אַלכע,
שניידט פון באָרד אַראָפּ די ווערבעס,
פון דעם מויל — די גרינע סאָסנע
מיט די האָזן אַף די צווייגן,
און דעם ריזן־דעמב פון שטערן.

נאָכדעם כאַפּט ער זיך צום שטעקן,
און ער שפּאַרט אריין דאָס אייזן
גלייך אין מויל פון דעם מכשף,
און צעשפּאַרט אים זיינע ציינער,
און הויבט אָן אַף אים צו שרייען:
״שטיי שוין אויף, דו פוילער פּעפער!
הויב זיך אויף פון דיין געלעגער,
ביסט געגוג שוין דאָ געשלאָפן!״

און וויפּונען דער מכשף,
דער באַרימטער גרויסער זינגער,
טוט א הויב זיך פון געלעגער,
און דערשפּירט אין מויל דעם שטעקן,
און דערפילט א שאַרפן ווייטאָק;
טוט ער גלייך א ביס דעם שטעקן
און צעבייסט דעם ווייכן אייזן,
ביז צום סאַמע שטאָל דעם האַרטן,
נאָר דעם שטאָל קאָן ער ניט רירן.

און דער אַלטער וואינאמאָינען,
וואינאמאָינען פון וואינאָלאָ,
שפּאַנט ארום זיך רואיק, זאָרגלאָז,
אין זיין פאנצער, אין די שטיוול,
פּונקט ביים מויל פון גרויסן חכם,
און ער טוט א גליטש זיך פּלוצלינג,
טוט א פאַל און קערט זיך איבער
גלייך אין מויל פון דעם מכשף,
אין וויפּונענ׳ס מויל דעם ברייטן.

און דער גרויסער העלד וויפּונען
עפנט אויף זיין מויל נאָך ברייטער,
און פאַרשלינגט דעם אלטן זינגער,
מיט זיין פאַנצער, זיינע שטיוול,
מיט זיין שטאַרקן כישוף־שטעקן.
דאָ הויבט אָן וויפּונען ריידן:
„כ'האָב פאַרזוכט שוין פיל מאכלים,
שאָף געגעסן, ציגן, הירשן,
בערן, אָקסן, וועלף און שווייַנען,
נאָר א מאכל אזא זיסן
ניט פאַרזוכט האָב איך נאָך קיינמאָל."
זאָגט דער אַלטער וואינאַמאָינען:
„איצטער זע איך שוין די צרה,
זע דעם אומגליק אָף זיך הענגען,
אין דער טונקעלער היסי־פעסטונג,
אין דעם קאַטאַקאַמב פון קאַלמאַ."

הויבט דער אלטער וואינאַמאָינען,
הויבט ער אָן צו טראַכטן־קלערן,
ווי צו לעבן און געדייען,
ווי אַרויסקריכן פון אומגליק.
אין זיין גאַרטל שטעקט א מעסער
מיט א הענטל פון בערעזע,
זאָגט ער גלייך זיך אָפּ א כישוף,
און פון הענטל ווערט א שיפל;
זעצט ער זיך אַריין אין שיפל,
און ער הויבט זיך אָן צו שיפן
אין דעם בויך פון דעם מכשף,
און ער פאָרט א־דורך די קישקעס,
פאָרט אַריין אין יעדן אָדער
פון דעם גרויסן כישופמאַכער.
נאָר וויפּונען דער מכשף
שפּירט דעם העלד ניט פון וואינאַלאַ,
שענקט קיין אכט אים ניט אפילו.
נעמט דער אלטער וואינאַמאָינען
און הויבט אָן מעטאַל צו שמידן;
מאַכט פון פאַנצער זיך א קוזניע,
און א בלאָז־זאַק פון די אַרבל,
נוצט די קני ווי א קאָוואַדלע,
און די פויסט נוצט ער אלס האַמער;
ווי א שטורעם רוישט דער בלאָז־זאַק,
און עס דונערט די קאָוואַדלע,
און דער זינגער וואינאַמאָינען
שמידט אזוי און קאָוועט דאָרטן,
שמידט א טאָג אָפּ און א צווייטן,
און א גאַנצן טאָג דעם דריטן,
אין דעם גוף פון דעם מכשף,
אין דעם בויך פון גרויסן גיבור.

הויבט וויפּונען אָן צו ריידן,
זיך צו חידושן און פרעגן:
„זאָג, ווער ביסטו פון די העלדן,
ווער פון די גיבורים גרויסע?
כ'האָב שוין העלדן פיל געגעסן,
אָן א צאָל געשלונגען מענטשן,
נאָר אזא ווי דו, נאָך קיינמאָל
אין מיין לעבן ניט דערשלונגען;
פון מיין נאָז טוט רויך זיך שפּאַרן,
פון מיין מויל — א פייער שיסן,
און פון האַלדז — צעשמעלצטער אייזן.

„גיי, דו מאָנסטער, גיי פון דאַנען,
גיכער לויף, דו פּעסט פון נאָרדלאַנד,
איידער איך זוך אָפּ דיין מוטער,
און דערצייל דיין אַלטער מאַמען
וועגן דיינע שטיק די מיאוסע.
גרויס וועט זיין דער ווייטיק אירער
און די שאַנד פאַר דיינע מעשים.
אז איך הויב ניט אָן באַגרייפן,
כ'קען דעם סוד גאָר ניט אַנטפּלעקן,
וואָס דו ביסט אַהער געקומען,

# קאלעוואלא

וואָס דו מאַטערסט מיך אַצינדערט.
ביסטו היסי פון דעם הימל,
צי אַן אומגליק גאַר פון אוקקאָ׳ן ?
אפשר האָט דיך גאָט באַשאַפן
מיך צו מאַטערן און קוועלן ?
אויב דו ביסט דאָס בייז פון הימל,
צי אַ צרה גאַר פון אוקקאָ׳ן,
וואָס געשיקט האָט מיין באַשעפער —
בין איך גרייט אַצינד צו ליידן ;
גאָט פאַרדאַרבט קיין גוטע מענטשן,
און פאַרלאָזט ניט די וואָס גלויבן ;
אָבער אויב דו שטאַמסט פון מענטשן,
און געשיקט צו מיר פון העלדן,
וועל איך אויסראָטן דיין אָפּשטאַם
און פאַרניכטן דיינע קרובים.

„שוין ניט איינמאָל קומען צרות,
קומען שלעק מיך צו פאַרניכטן,
פון דעם לאַנד פון גורל־וואַרפער,
פון דער היים פון שטערנזעער,
פון דעם טאָל פון די ניט־גוטע,
פון די פליינען פון מכשפים,
פון די וויסטע קאַלמאַ־סטעפּעס,
פון די אָפּגרונטן פון מאַנאַ,
פון די קברים פון די מתים,
פון דעם קיניגרייך פון טויטע,
און פון לויזע בערג פון זאַמדן,
פון סכנות׳דיקע זומפּן,
און פון פאַלנדיקע שטיינער,
און פון זינקענדיקע זאַמד־בערג,
און פון טיפע, טיפע טאָלן,
און פון מאָך־באַדעקטע זומפּן,
פון די רוישנדיקע כוואַליעס,
פון די טיפע היסי־פעלדער,
פון די שפּאַלטן צווישן פעלזן,
און פון בערג מיט קופּער־שפּיצן,
פון געדויש פון הויכע סאָסנעס,
פון געדויש פון טאַנענביימער,
און פון היילן פון די בערן,
און פון וועלף פון טשאַטעס גרויסע,
פון דעם ווייטסטן פּאָכיאַ־געגנט,
און פון ווייטן לאַפּלאַנד גרעניץ,
פון די ניט־פאַרזייטע לאַנען,
און פון שלאַכט די ברייטע פעלדער,
און פון פעלד, וואו גראָזן רוישן,
פון דער בלויער ים׳ען פלאַכקייט,
פון דער שוואַרצער וואַסער־בלאָטע,
פון די טויזנט קלאַפּטער טיפן,
פון די שטאַרקע שטורעם ווינטן,
פון געדויש פון קעסלגריבער,
און פון רוטיאַ׳ס וואַסערפאַלן,
פון דעם ווייטסטן פלאַץ אין הימל,
פון דעם לעצטן וואָלקן־גרעניץ,
פון די וועגן פון דעם דונער,
פון די ליכטיק־העלע בליצן,
פון דער היים פון פרילינג־ווינטן,
פון דער וויג פון שטורעם־ווינטן.

„אפשר קומסטו פון די פלעצער,
איילסט פון דאָרט אַהער אַריבער,
צו דעם האַרץ פון העלד דעם ריינעם,
צו פאַרשלינגען מיך אַצינדערט,
צו פאַרניכטן איצט דעם זינגער.
גיי פון דאַנען, הונט דו לעמפּאָ׳ס,
גיי, דו מאָנסטער פון מאַנאַלאַ.

„בייזער הונט דו פון מאַנאַלאַ,
הער מיין האַרץ מיר אויף צו רייסן,
אין מיין אינגעווייד צו גראָבן,
לאָז צורו מיין מילץ, מיין לעבער,
הער מיר אויף די לונג צו שטעכן,

הער מיך אויף צו מוטשען, קוועלן,
לאָז צורו מיך, לאָז מיך שלאָפן!

„ווען אַליין וועל איך ניט קענען,
וועט קיין כּישוף מיר ניט קלעקן
דיך פאַרטרייבן און פאַרניכטן —
וועלן אַנדערע מיר העלפן
פון מיין פּיין מיך צו באַפרייען,
צו פאַרטרייבן דיך פון דאַנען.

„פון דער טיף רוף איך די ערד־פרוי,
רוף פון פעלדער די חיילות,
אַלע רייטער פון די זאַמדן,
אַלע העלדן פון פאַרצייטן,
און די קריגסלייט מיט די שווערדן
רוף איך מיר צו הילף אַצינדערט,
אויסצולייזן מיך פון ליידן,
און באַפרייען מיך פון ווייטיק.

„שרעקסטו זיך פאַר זיי ניט איבער,
וועלן זיי דיך ניט פאַרטרייבן —
קומט איר, העלדן פון די וועלדער,
קומט, חיילות פון די קוסטן,
קומט צו מיר איר, הויכע סאָסנעס,
מיט דער קראַפט אין אייך באַהאַלטן,
בערג, און אָזערעס, און וועלדער,
מיט די וואַלד־ און וואַסער־מיידלעך,
אַלע קריגסלייט פון די ימים
מיט די שטאַרקע, לאַנגע שפּיזן,
קומט אַהער און העלפט פאַרטרייבן,
העלפט פאַרניכטן היסי׳ס שרעקן,
קומט און הרג׳עט אָט־דעם מאָנסטער!

„האָסטו אויך פאַר זיי קיין מורא,
קענען זיי דיך ניט פאַרטרייבן —
קום, דו שיצערין פון וואַסער,
שטייג אַרויף אין בלויען מאַנטל
פון די אָזערעס און ימים,
לאָז דיין ליבלעך פּנים אָנזען,
שטאַרק און קרעפטיק מיך אַצינדערט,
איך, אומשולדיק, זאָל ניט ליידן,
פון דער וועלט פריצייטיק גייען.

„ווערסטו אויך דאַרויף ניט קוקן,
פאַר דעם רוף זיך אויך ניט שרעקן —
קום דו, קאַווע, שיינע געטין!
ביסט די ערשטע צווישן מוטערס,
אויף דער וועלט די שענסטע טאָכטער,
קום, לייז אויס מיך פון די ליידן,
און באַפריי מיך פון מיין ווייטיק.

„שענקסטו אויך דאַרויף קיין אַכט ניט,
און פאַרלאָזסט מיך ניט אויך איצטער —
קום־זשע דו אַראָפּ איצט, אוקקאָ,
פון דיין אויסגעוועלבטן הימל,
פון דיין קיניגרייך פון שטורעמס,
אייל אין שטורעמווינט צו הילף מיר,
שיץ מיך פון די פייער שמערצן,
העלף און שיץ מיך פון מכשף,
מאַך צו־נישט זיין גאַנצן כּישוף
מיט זיין פלאַמענדיקער קוזניע,
מיט זיין בלאָז־זאַק און קאָוואַדלע.

„גיי פון דאַנען, דו ניט־גוטער!
שווינד, פאַרשווינד, דו פּעסט פון נאָרדלאַנד!
זאָלסט אַהער שוין מער ניט קומען,
ערגעץ זיך קיין אָרט געפינען,
זאָלסט שוין מער קיין היים ניט בויען,
גיי צוריק גלייך צו דיין הערשער,
צו דיין הערשערין גיי ווידער.

„ווען דו וועסט דיין לאנד דערגרייכן,
ווען דו וועסט א־היים שוין קומען,
לאָז זיך מערקן דורך א סימן,
לאָז אין דונער־קנאל זיך מערקן,
און אין העלן פלאם פון בליצן,
פון דעם הויף שפאלט אויף די טירן,
רייס די ברעטער פון די פענצטער,
שפאן די צימערן דורך אלע,
טו א הויב זיך ווי א שטורעם,
פאק דעם באלעבאָס פון דאָרטן,
טו א כאפ די באלעבאָסטע,
מאן און ווייב, דו כאפ זיי ביידן,
שלאָג די קעפ זיי אָן צוזאמען,
בלענד ביים מאן אויף זיינע אויגן,
שפאלט דעם קאָפ פון ווייב דעם בייזן,
דריי צונויף זיי אלע גלידער,
און דערנאָך וואַרף די פגרים
פאר די ווילדע הינט און פייגל.

„וועט אויך דאָס פאר דיר ניט קלעקן,
זאָלסטו גלייך א הינדל ווערן,
זאָלסט צום שטאל אריבערפליען,
אלע פערד דאָרט איבערשרעקן,
שרעק אף טויט די קי דאָרט איבער,
פלעכט צוזאמען זיי די עקן,
בינד די הערנער צו די גריוועס,
און דערנאָך וואַרף די פגרים
צו די ווילדע הינט פון לעמפאָ.

„אפשר ביסטו גאָר א קראנקהייט
פון דעם ווינט אהער פארטראָגן,
פון דער לופטן אנגעווייעט,
אפשר האָבן פרעסט און קעלטן
דיר דעם וועג אהער געוויזן —
לויף־זשע ווייטער מיט די ווינטן
צו די בערג מיט קופער־שפּיצן,
שווינד מיט שטורעם־ווינט צוזאמען,
לויף און רו ניט אף קיין ביימער,
שטעל ניט אָפ זיך אף קיין צווייגן,
זאָל דער קופער ווינט דיך וויגן,
און די וואָלקנס דיך באשיצן.

„אויב דו האָסט אראָפּגעגנידערט
פון דעם הימל, פון די וואָלקנס,
שטייג ארויף אין הימל ווידער,
הויב ארויף זיך אין דער לופטן
איבער רעגנדיקע וואָלקנס
צו די פינקלענדיקע שטערן,
דאָרטן שימערן און גלאנצן,
ביי דעם הימל־ראנד צו פלאמען,
ווי די זון דאָרט אייביק ברענען.

„אויב דו שטאמסט פון טיפן וואסער,
פון די קוואליעס פון די ימים,
צי פון שטראָמענדיקע טייכן —
טוק ארונטער זיך אין וואסער,
טויך אראָפּ אין טיפע שטראָמען,
זאָלן וואסערן דיך שאָקלען,
און די קוואליעס דאָרטן הוידן.

„אויב דו קומסט פון קאלמא׳ס געגנט,
פון דעם קיניגרייך פון טויטע —
אייל א־היים צוריק וואָס שנעלער,
גיי צוריק זיך צו די מתים,
אין די טיפע קאלמא־שלעסער,
אין די וויינכע ערד־פאלאצן,
וואו עס פאלן די חיילות.

„אויב דו קומסט פון היסי׳ס וועלדער,
פון די טונקעלע לעמפאָ־קוסטן,
פון דעם שלאָס פון טאנענביימער —

הער אצינדערט מיין באפעל אויס:
גלייך זאָלסטו א־היים צוריקגיין,
אין די טונקעלע היסי־וועלדער,
אין דעם שלאָס פון טאנענביימער.
בלייב א־דאָרטן שטיל פארבאָרגן,
ביז דער דיל פארוואקסט מיט שוואָמען,
און עס פאלן איין די ווענט דאָרט,
און עס קראכט דער דאך ארונטער.

"איך באשווער דיך, גייסט דו בייזער!
גיי פון דאנען, גיי זיך ווייטער!
גיי זיך צו די ווילדע בערן,
צו די עקדישן און שלאנגען,
אין מדבריות אין וויסטע,
צו די שלאם־ און בלאָטע־ריטשקעס,
און צו שטייענדיקן וואסער,
צו די זודיק־הייסע קוואלן,
און אין וואסערן אָן פישן,
צו דעם טויטן ים פון נאָרדלאנד.

"ווערסטו דאָרט קיין פלאץ געפינען,
שיק איך דיך אוועק נאָך ווייטער,
צו דעם ווייטסטן נאָרדלאנד גרעניץ,
צו דעם ווייט־פארלייגטן לאפלאנד,
צו די אייז־באדעקטע לענדער,
וואו די זון טוט מער ניט לייכטן,
די לבנה טוט ניט שיינען,
וואו עס פינקלען ניט קיין שטערן,
און דאָס ליכט איז לאנג פארלאָשן —
פונקט פאר דיר א פלאץ געמאָסטן,
הירשן הענגען אף דיביימער,
און מען קאָן זיי דאָרטן שלאכטן,
און מען קאָן דעם הונגער שטילן,
שלאָג זיך דיין געצעלט אויף דאָרטן,
עס און טרינק און רו כסדר
אף די פעלדער פון פאָכיאָלא.

"איך באפעל דיר גיין נאָך ווייטער!
גיי צו רוטיא׳ס וואסערווירבל,
צו דעם קעסלגרוב פון פייער,
דאָרטן, וואו עס רייסט מיט ביימער,
רייסט מיט ריזן־סאָסנעס שטענדיק,
דאָרטן זאָלסטו איצטער שווימען,
אין די פייערדיקע שטראָמען,
אין דעם ענדלאָזן געווירבל
פון די טיפע קעסלגריבער,
אין דעם זודיק הייסן וואסער.

"ווערסטו דאָרט קיין פלאץ געפינען,
וועל איך ווייטער דיך נאָך טרייבן —
ביז טואָני׳ס טייך דעם שווארצן,
צום פארסמ׳טן שטראָם פון מאנא.
ווערסט אף שטענדיק דאָרט פארבלייבן,
ווערסט פון דאָרט שוין ניט אוועקגיין,
קיינמאָל שוין פון דאָרט אנטלויפן,
ביז איך וועל דיך ניט באפרייען,
און אליין פאר דיר באצאָלן
ניין באראנעס פון איין מוטער,
הירשן ניין מיט גרויסע הערנער,
אויסגעצויגן פון איין הירשין,
און אויך אָגערן ניין שטאָלצע
אלע ברידער פון איין מוטער.

"פעלט א פערד דיר צו דער רייזע,
אָדער דיר פעלט אויס א זאָטל —
איך אליין וועל פערד דיר געבן,
וועל דעם פלינקסטן אָגער געבן.
היסי האָט א פערד א פלינקן,
רויט ווי פייער איז זיין גריווע,
רויט דער קאָפּ און רויט דער וויידל,
פון זיין נאָז טוט פייער שפריצן,
און פון מויל — א פלאם זיך רייסן,

זיינע קלויען — שטארקער אייזן,
און די פיס פון שטאָל און קופער,
לויפט ער פלינק אַף בערג די העכסטע,
ווי א בליץ אין טיפע טאָלן,
ווען דער רייטער איז נאָר מוטיק,
ווען ער קאָן דאָס פערד נאָר פירן.

"וועט דאָס פערד דיר אויך ניט קלעקן,
גיב איך צו די היסי־גליטשערס,
לעמפּאָ׳ס פלינקע שיך פון אולם־האָלץ,
און זיין גרויסן שטארקן שטעקן,
וועסטו איצטער קענען רייזן
אין די ווייטע היסי־לענדער,
און אַף לעמפּאָ׳ס ברייטע פעלדער,
אין די ווייטע ווילדע וועלדער.
טרעפסטו אַף דעם וועג אַן שטיינער,
זאָלסטו זיי אַף שטויב צערייבן,
וועט א בוים אין וועג זיך שטעלן —
ברעך אים איבער גלייך אַף צווייען,
קומט א מענטש דיר אַן אנטקעגן —
נעם, צעברעך אים האלדז און נאקן.

"בייזער גייסט דו, אייל זיך שנעלער!
גלייך זאָלסטו מיין גוף פארלאָזן!
איידער דער פרימאָרגן קומט נאָך,
און די זון הויבט אָן צו שיינען.
גיי זיך, גיי, דו פעסט פון נאָרדלאַנד,
איצט האָסטו נאָך צייט צו לויפן,
די לבנה טוט נאָך שיינען,
וועט זי דיר דעם וועג באלייכטן.

"וועסטו, הונט, איצט ניט אנטלויפן,
וועסטו גלייך מיך ניט פארלאָזן —
שיק איך אָן אַף דיר דעם אָדלער
מיט די בלוט־פארפלעקטע נעגל,

און איך שיק אַף דיר דעם שפּארבער
מיט זיין קלעם פון אייזן שטארקער,
וועלן זיי דיין גוף צערייסן,
און דיין פּגר היסי׳ן ווארפן.
אַז אפילו בייזער לעמפּאָ
האָט מיין אינגעווייד פארלאָזן,
ווען איך האָב גערופן אוקקאָ׳ן,
ביים באַשעפער הילף געבעטן.
לויף, אנטלויף, דו זון אַן מוטער,
בייזער גייסט פון סאריאָלא,
הונט אָן מייסטער, גיי פון דאַנען,
איידער דער פרימאָרגן קומט נאָך,
איידער עס פארגייט לבנה,
און די זון הויבט אָן צו שיינען."

וואינאמאינען, אלטער זינגער,
הויבט אליין אָן ענדלעך ריידן,
און ער זאָגט צום העלד וויפּונען:
"מיר איז גוט דאָ, וואויל צו לעבן,
איך פארברענג מיין צייט דאָ פריילעך,
לעבער עס איך דאָ פאר ברויט איצט,
כ׳האָב דאָ שמאלץ גענוג צו עסן,
און גענוג אויך בלוט צו טרינקען.

"כ׳וועל מיין קוזניע ווייטער שפּארן,
טיפער, טיפער אין דיין הארצן,
מיט מיין האמער שטארקער קלאַפּן
אַף דיין הארץ און לונג־און־לעבער,
קענסט פון מיר זיך ניט באַפרייען,
וועסט פון מיר ניט פּטור ווערן,
ביז איך קאָן ניט אלע ווערטער,
אלע כישוף־שפּרוכן דיינע.
ווערטער טאָרן ניט פארשווינדן,
כישוף אין דער ערד ניט זינקען,
חכמה טאָר ניט אונטערגייען,
ווען עס גייט דער חכם אונטער."

און וויפונען דער מכשף,
גרויסער העלד און אלטער זינגער,
רייך אין חכמה און אין לידער,
עפנט אויף זיין גרויסן אוצר,
און צעעפנט אלע קעסטלעך,
אָנגעפילט מיט אלטע לידער,
אָנגעפילט מיט כישוף־שפרוכן,
און מיט מעשות און מיט רונעס.
און ער זינגט דאָס ערשטע שטאם־ליד,
זינגט דאָס ליד פון ערשטן כישוף,
פון דער ערד און פון איר אָנהויב,
פון באשעפעניש דעם ערשטן,
פון דעם קוואל פון גוטס און בייזן —
גאָר פארצייטן פלעגן קינדער
קליינע זינגען אָט־די לידער,
איצטער, אין די טעג פון אומגליק,
אין די טרויערדיקע צייטן,
קאָנען העלדן קוים פארשטיין זיי —
זינגט דאָס ליד פון וועלט־באשאפונג,
ווי דורך אוקקאָ׳ס וואָרט און ווילן
איז די וועלט אליין געוואָרן,
ווי עס שיידט זיך לופט פון וואסער,
און פון וואסער שיילט די ערד זיך,
ווי עס קומען אויף די פלאנצן,
פיש און פייגל, מענטש און העלדן.

און עס זינגט דער העלד וויפונען,
ווי לבנה ווערט באשאפן,
ווי עס ווערט די זון באפעסטיקט,
ווי עס קומען די קאָלירן
איינס נאָך איינס אין רעגנבויגן,
און פון לופט די קלאָרע זיילן,
און ווי הימל ווערט באשפרענקלט
פול מיט פינקלענדיקע שטערן.

און ער זינגט און זינגט וויפונען,
און עס קלינגט זיין וואָרט אויס קרעפטיק,
אז געהערט האָט נאָך ניט קיינער
אזא זינגען זינט די וועלט שטייט.
און ער זינגט אָן צאָל די לידער,
און די קלאנגען זיינע פליען
שנעל, ווי צינגער פון די שלאנגען,
זינגט א טאָג אָפּ און א צווייטן,
זינגט דעם דריטן טאָג א גאנצן,
פון פרימאָרגן ביסקל אָוונט,
און פון אָוונט ביז פרימאָרגן,
פריידיק הערט אים די לבנה,
און עס הערן צו די שטערן,
און די זון בלייבט שטיין אין הימל,
אלע כוואליעס פון די ימים
לייגן אויס זיך אף דעם וואסער,
און עס בלייבן שטיין די טייכן,
און דער וואסערפאל פון רוטיא,
און דער ווירבל פון דעם וואוקסען,
אויך דער ירדן הערט אויף פליסן.

און דער אלטער וואינאמאינען
האָט געענוג זיך אָנגעלערנט
מיט די ווערטער, מיט די שפרוכן,
אויפגעזאמלט אלטע לידער,
און די אלטע, אלטע מעשות,
דאָס געהיימע וואָרט פון מייסטער —
און ער הויבט זיך אָן צו גרייטן
פון וויפונענ׳ס מויל ארויסגיין,
פון דעם גוף פון גרויסן גיבור.
זאָגט דער אלטער וואינאמאינען:

„א, דו גרויסער העלד וויפונען!
עפן אויף דיין מויל דאָס ברייטע,
וועל איך איצטער דיך פארלאָזן
און שוין מער צו דיר ניט קומען,

כ׳וויל זיך אומקערן אצינדערט
צו די פעלדער פון וואינאלא,
צו די קאלעוואלא טאָלן.״
און וויפּונען גיט זיין ענטפער:
״כ׳האָב פאַרזוכט שוין פיל מאכלים,
שאָף געגעסן, ציגן, הירשן,
בערן, אָקסן, וועלף און שווינען,
אָן א צאָל געשלונגען מענטשן,
און אויך העלדן פיל געגעסן,
נאָר דאָס מאכל וואינאמאָינען
ניט פאַרזוכט האָב איך נאָך קיינמאָל;
וואָס געזוכט, האָסטו געפונען,
האָסט די ווערטער דריי פון מייסטער,
איצטער גיי זיך, גיי בשלום,
זאָל מיין ברכה דיך באַגלייטן.״

און וויפּונען דער מכשף
נעמט און עפנט ברייט דאָס מויל זיינס,
און צעעפנט זיינע ציינער;
און דער אלטער וואינאמאָינען
שפּאַרט ארויס זיך פון דעם חכם,
פונם גוף פון דעם מכשף,
און ער שפּרינגט פון מויל ארונטער,
און ער טוט א לאָז זיך מונטער,
ווי דער מארדער גאָלדנברוסטיק,
ווי א הירש א רויטער לויפט ער
איבער בערג און איבער טאָלן,
גלייך אַ־היים קיין קאלעוואלא,
צו די הייזער פון וואינאלא.

וואינאמאָינען קומט אין קוזניע
צו זיין ברודער אילמארינען.
טוט אים גלייך א פרעג דער מייסטער:
״האָסטו אויפגעזאמלט שפּרוכן?
דאָס געהיימע וואָרט געפונען?
קענסטו איצט די שיף שוין בויען,
און באַפעסטיקן די זייטן?
קענסטו איינריכטן דעם באַלקן?״
ענטפערט גלייך אים וואינאמאָינען:
״כ׳האָב געפונען הונדערט ווערטער,
אָנגעזאמלט טויזנט שפּרוכן,
כ׳האָב דעם שליסל צו דעם כישוף,
דאָס פאַרלוירן וואָרט געפונען.״
גייט דער אלטער וואינאמאָינען,
שפּאַנט אוועק צום כישוף־ווערשטאַט,
הויבט די כישוף־שיף אָן בויען;
שנעל באַפעסטיקט ער די זייטן,
קאָוועט איין דאָרט אלע באַלקנס,
טוט קיין ריר ניט מיט קיין פינגער,
טוט קיין בויג ניט זיינע קניעס,
און די שיף ווערט אויפגעבויעט
ניט מיט ארבעט, נאָר מיט כישוף.



# אַכצענטע רונע

## די רייזע קיין פּאָכיאָלא

וואינאמאָינען פּאָרט אַרויס אין זיין נייער שיף קיין פּאָכיאָלא זיך צו שדכניען צום שיינעם מיידל. אילמאַרינענס נסיעה, אילמאַרינען גרייט זיך גלייך צו צו דער רייזע. ער פּאָרט אף זיין בעסטן אָגער. די האַרין פון פּאָכיאָלא דערזעט די געסט קומען און עצה׳ט דער טאָכטער אויס־צוקלייבן וואינאמאָינעניען. די טאָכטער אָבער וויל בעסער דעם יונגן אילמאַרינעניען.

## 18טע רונע



ון דער אלטער וואינאמאינען
הויבט פאר זיך אָן טראכטן־קלערן,
ווי ער זאָל א מיידל ברענגען,
מיט א שיינעם צאָפּ א כלה,
פון דער פינצטערער פּאָכיאָלא,
פון דעם טונקעלן סאַריאָלא,
נאָרדלאנד׳ס ווייט־באַרימטע טאָכטער,
די, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן.

פארבט ער אויס מיט בלוי דאָס שיפל,
פארבט די ראנדן אָפּ מיט רויטן,
און מיט גאָלד די פאָדער־טיילן,
און באמאָלט זיי נאָך מיט זילבער,
און אין א פרימאָרגן איינמאָל,
איידער זון איז אויפגעגאנגען,
שפּארט ער אָפּ פון ברעג דאָס שיפל
גלייך אין שטראָם און צו די כוואליעס,
שפּארט עס איבער גלאטע ראָלקעס
פון די רונדע סאָסנע־קלעצער.

נאָכדעם שטעלט ער אויף די מאסטן,
ציט אַף זיי ארויף די זעגלען,
ציט ארויף א רויטן זעגל,
און פון בלויער פארב דעם צווייטן,
און ער גייט אריין אין שיפל,
אין דעם שיפעלע דעם נייעם,
לאָזט אוועק זיך אַף די כוואליעס,
אַף די וואסערן די בלויע.

און ער הויבט גלייך אָן צו ריידן,
און ער לאָזט אזוי זיך הערן:
„קום, אַ גאָט, צו מיר אין שיפל,
קום אין שיף, דערבארעמדיקער,
קום דעם שוואכן דאָ צו העלפן,
און דעם עלנטן צו שטיצן
אַף די ברויזנדיקע כוואליעס,
אַף די שטורעמדיקע שטראָמען.

„וויג דו ווינט, דאָס שיינע שיפל,
טרייבט דאָס שיפעלע מיר, כוואליעס,
אז איך זאָל קיין רודער דארפן,
זאָל די וואסערן ניט פּאטשן
אַף די ווייטע וואסער־פלאכן,
אַף די ברייטע וואסער־שטראָמען.“

אניקי, די ווייט־באַרימטע,
טאָכטער פון דער נאַכט און דעמער,
איז פאַרטאָג גאָך אויפגעשטאַנען,
פאַר דער זון שוין וואַך געווען,
שוין דאָס גאַנצע גרעט צופּראַטשעט,
און די קליידער ריין צעוואַשן
ביי דעם ראַנד פון רויטן בריקל,
ביי דער קלאָדקע ביי דער ברייטער,
אַף דעם נעפּלדיקן לאַנד־שפּיץ,
דאָרט ביים אינדזעלע דעם טונקעלן.

נאָכדעם ווענדט זי אירע בליקן
אין די ווייטע, קלאָרע ווייטן,
און זי קוקט אַרויף צום הימל,
קוקט פון ברעג צום ים אַביסל —
זון איז העל צעשטראַלט פון אויבן,
אונטן שימערן די כוואַליעס.

און זי ווענדט צום ים די אויגן,
און זי קוקט צו זון אַף דרום,
צו דעם מויל פון טייך סואָמי׳ס,
קוקט צום אויספלוס פון וואַינאַלאַ,
זעט זי דאָרטן עפּעס טונקלט,
עפּעס בלויט דאָרט אַף די כוואַליעס.

און זי הויבט אַזוי אָן ריידן,
לאָזט אַזוי זיך גלייך דערהערן:
„וואָס קאָן זיין דער פלעק אַף ים דאָרט,
און דאָס בלויע אַף די כוואַליעס?
ביסטו אפשר געגנדז א סטאַדע,
א שיירה ווילדע קאַטשקעס?
נעמט־זשע אין דער הויך זיך פליען,
הויבט זיך אויף און פליט אין הימל!

„אויב דו ביסט א מחנה לאַקס־פיש,
צי אַזוי א מענגע פישן —
נעמט־זשע שווימענדיק זיך שפּרינגען
און גלייך טויכן אין די כוואַליעס.

„אויב דו ביסט א פעלז א שאַרפער,
צי א קלאָץ א שווימענדיקע —
זאָלן כוואַליעס דיך פאַרדעקן
און די וואַסערן פאַרשווענקען.״

און דאָס שיפל רוקט זיך ווייטער,
ס׳נייע שיפעלע פאַרט שנעלער,
קומט אַלץ נענטער צו דעם לאַנד־שפּיץ,
צו דעם וואַלד־באַדעקטן אינדזל.

אַניקי, די ווייט־באַרימטע,
האָט דאָס שיפעלע דערזען שוין,
שוין דערבליקט דאָס ברעטער־שיפל,
און זי הויבט אַזוי אָן ריידן:
„אויב דו ביסט מיין ברודער׳ס שיפל,
צי דו ביסט מיין טאַטנ׳ס שיפל —
זאָלסטו גלייך א־היים איצט פאָרן,
צו די ברעגן פון דיין היים־לאַנד,
זאָלסט צום ברעג דעם נאָז איצט ווענדן,
און צום פרעמדן ברעג — דעם רודער.
אויב דו ביסט פון פרעמדע ווייטן,
שווים אוועק פון דאַנען ווייטער,
האַלט די נאָז צו פרעמדע ברעגן,
און צו אונזער ברעג — דעם רודער.״

ניט קיין היימלאַנד־שיפל איז דאָס,
און אויך ניט פון פרעמדע ווייטן —
דאָס איז וואַינאַ צוגעשוואומען,
דאָס איז גאָר דעם זינגער׳ס שיפל
זייער נאָענט צוגעפאָרן,
און דער אַלטער אײַלט זיך ריידן,
נעמט זיך איין וואָרט און א צווייטן,
נעמט אַפילו אויך א דריטן.

אניקי, די ווייט־באַרימטע,
טאָכטער פון דער נאַכט און דעמער,
פרעגט, זיך ווענדעדיק צום שיפל:
„זאָג, וואו פאָרסטו, וואינאמאַינען,
זאָג וואוהין, דו פריינט פון כוואליעס?
וואוהין איילסטו, ציר פון לענדער?"

ענטפערט איר דער אַלטער זינגער,
הויבט פון שיפל אָן צו ריידן:
„כ'בין ארויס צו כאַפּן לאַקסן,
דאָרט, וואו לאַקסן לייגן רויגן,
אין דעם שוואַרצן שטראָם טואָני'ס,
אין די טיפן פון טשערעטן."

אניקי, די ווייט־באַרימטע,
זאָגט צו אים אַזעלכע ווערטער:
„אַי, זאָגסטו מיר איצט אַ ליגן!
לייגן איצט דען פיש די רויגן?
פריער פלעגט מיין טאַטע פאָרן,
נאָך דער זיידע פלעגט אָפט פאָרן
לאַקסן אין דעם טייך צו כאַפּן,
און פאָרעלן פאָרן פאַנגען,
איז געווען אַ שיף מיט נעצן,
און האַרפּונעס אויף די בענק דאָרט,
לאַנגע שטעקענער ביים רודער.
זאָג, וואו פאָרסטו, וואינאמאַינען,
זאָג, וואוהין, דו פריינט פון כוואליעס?"

זאָגט דער אַלטער וואינאמאַינען:
„איצטער פאָר איך געגנדז צו כאַפּן,
זען שיינפעדערלעך זיך שפּילן,
און די סלינע־פייגל פאַנגען,
אויף דעם זאַקסן באַנד־שטראָם כאַפּן,
אויף די ברייטע שטראָמען פלאַכן."

אניקי, די ווייט־באַרימטע,
הויבט אַזוי צו אים אָן ריידן:
„איך קאָן גוט די אמת־זאָגער,
און דערקאָן אַ ליגנער שטענדיק,
פריער פלעגט מיין טאַטע פאָרן,
און מיין זיידע פלעגט נאָך פאָרן,
פלעגן לאָזן זיך נאָך געגנדזלעך,
די רויט־פיסקעלעך צו כאַפּן,
איז געווען גרייט זיין בויגן,
שטייף די אָדערן פאַרצויגן,
און די שוואַרצע הינט אויף קייטן
צוגעבונדן, צוגעקאָוועט,
הינטלעך זיינען אומגעלאָפן
און געגנישטערט אויף די שטיינער.
זאָג דעם אמת, וואינאַמאַינען,
וואו האָסטו געלאָזט זיך פאָרן?"

זאָגט דער אַלטער וואינאַמאַינען:
„אפשר גיי איך אויף מלחמה,
צום געטומל פון די שלאַכטן,
צום געשלעג צווישן מענער,
וואו עס גיסט זיך בלוט אין שטראָמען,
און דערגרייכט אַזש ביז די קניעס?"

ווידער ענטפערט אים אניקי,
די אין ציך־געצירטע זאָגט אים:
„וואויל ווייס איך דעם גאַנג אין שלאַכטן,
פריער פלעגט מיין טאַטע פאָרן
צו דעם גרויסן קאַמף־געטומל,
צום געשלעג צווישן מענער,
האָבן הונדערט לייט גערודערט,
טויזנטער אין שיף געזעסן,
בויגנס זיינען גרייט געשטאַנען,
שווערדן — אויף די בענק געלעגן.
זאָג שוין איצט דעם גאַנצן אמת,
הער שוין אויף צו זאָגן ליגן,
וואוהין גייסטו, וואינאַמאַינען,
זאָג, וואוהין, דו פריינט פון כוואליעס!"

זאָגט דער אַלטער וואַינאַמאַינען,
און ער הויבט אַזוי אָן ריידן:
„קום אַריין אין שיפֿל, מיידל,
קום אין שיפעלע זיך זעצן,
וועל איך דיר דעם אמת זאָגן,
ניט דערציילן מער קיין ליגן.“

אַניקי, איין צין געצירטע,
נעמט אַזוי צו אים גלייך ריידן:
„זאָל דער ווינט אַריין אין שיפל,
אין דיין שיפעלע — דער שטורעם!
זינקען דאָס מיט נאָז צוזאַמען,
אויב איך הער ניט איצט דעם אמת,
און דערציילסט מיר נאָך אַ ליגן.“

זאָגט דער אַלטער וואַינאַמאַינען
און ער הויבט אַזוי אָן ריידן:
„איצט דערצייל איך דיר דעם אמת,
כ׳האָב געזאָגט אַ־פריער ליגן,
כ׳קום אַהער אַ מיידל נעמען,
שדכנ׳ען זיך צו אַ יונגפרוי
פון דער פינצטערער פּאָכיאָלאַ,
פון דער טונקעלער סאַריאָלאַ,
וואו די מענער פרעסן מענער,
וואו מען וואַרפט אין ים די העלדן.“

אַניקי, דער שיינער נאָמען,
טאָכטער פון דער נאַכט און דעמער,
ווען זי האָט דערהערט דעם אמת,
שוין איינגאַנצן אָן אַ ליגן,
לאָזט דאָס גרעט גלייך ניט־געפּראַטשעט,
לאָזט די קליידער ניט־געוואַשן,
ביי דעם זוים פון ברייטער סטעזשקע,
ביי דעם ראַנד פון רויטן בריקל,
הויבט זיך אונטער גלייך דאָס קליידל,
נעמט אין האַנט אַריין די פאַלדן,

און זי לאָזט זיך פון דאָרט לויפן,
און זי נעמט אַ־היים זיך יאָגן,
קומט אַריין אין שטוב צום קאָוואַל,
און זי לאָזט זיך גלייך צום אויוון.

אַרבעט דאָרטן אילמאַרינען,
אָט־דער גרויסער קאָוואַל־מייסטער,
און ער שמידט אַ באַנק פון אייזן,
און באַצירט זי אויך מיט זילבער,
אויף זיין קאָפּ — אַ קלאַפטער סאַזשע,
אויף זיין האַלדז — דריי קלאַפטער קוילן.

צו דער טיר לויפט צו אַניקי:
„ברודער, קאָוואַל אילמאַרינען,
אָ, דו גרויסער מייסטער שמידער,
שמיד מיר אויס אַ וועבער שיפעלע,
פינגערלעך אויף מיינע פינגער,
צוויי־דריי אוירינגלעך מאַך שיינע,
מאַך פאַר מיר נאָך פינף־זעקס גאַרטלען,
וועל איך אַלצדינג דיר דערציילן,
נאָר דעם אמת, אָן שום ליגן.“

זאָגט דער מייסטער אילמאַרינען:
„וועסטו גוטע ווערטער זאָגן —
שמיד איך אויס דאָס וועבער שיפעלע,
פינגערלעך — אויף דיינע פינגער,
שמיד אַ צלמ׳ל פאַר דיין האַרצן,
פאַר דיין קאָפּ — נאָך שיינע צירונג.
טאָמער זאָגסטו שלעכטע ווערטער —
וועל איך אַלץ אויף שטיק צעברעכן,
גלייך פון דיר אין פייער וואַרפן,
אַלץ אַריינוואַרפן אין אויוון.“

אַניקי, די וויַיט־באַרימטע,
הויבט אַזוי צו אים אָן ריידן:
„אָ, דו מייסטער אילמאַרינען,

קלערסטו ווען אַ־היים צו ברענגען
יענע צוגעזאָגטע מיידל,
וואָס מען דאַרף אַלס ווייב דיר געבן ?

"קאָוועסט שטענדיק, אַז אָן אויפהער,
קלאַפּסט און האַמערסט דאָ באַשטענדיק,
זומער קאָוועסטו פּאָדקאָוועס,
ווינטער גרייטסטו צו דאָס אייזן,
אַרבעטסט נעכט אָף נייעם שליטן,
גאַנצע טעג אָף זיינע זייטן,
און ווילסט פאָרן צו דער כלה
אין דער פינצטערער פּאָכיאָלאַ,
דאָך עס איילט שוין ווער אַ־פריער,
פלינקער נאָך פון דיר און קלוגער,
דיין געליבטע אויסצוכאַפּן,
צונעמען דיין צוגעזאָגטע,
פון פאַר־צוויי־יאָרן דאָס מיידל,
וואָס האָסט זיך צו איר געשדכנ׳ט.
וואַינאַמאָינען יאָגט זיך האַסטיק
אָף דעם רוקן פון די כוואַליעס,
אין אַ גאָלד־באַצירטן שיפל
זיצט ער ביי דעם קופּער־רודער,
און ער יאָגט זיך נאָך פּאָכיאָלאַ
אין דעם טונקעלן סאַריאָלאַ."

איז אַ שרעק דעם שמיד באַפאַלן,
שטאַרק באַזאָרגט ווערט מאַן פון אייזן,
פאַלן אים פון האַנט די צוואַנגען,
און עס פאַלט אַרויס דער האַמער.

זאָגט דער מייסטער אילמאַרינען:
"אַניקי, מיין ליבע שוועסטער,
כ׳וועל אַ שיפּעלע דיר מאַכן,
שיינע פינגערלעך דיר שמידן,
אויערינגלעך פון גאָלד דיר מאַכן,
הייך נאָר אָן די זיסע באָד־שטוב,

פּאַרע אָן דאָס האָניק־שטיבל,
דינע קלעצלעך נעם אָף הייצן,
קלייב אָן זייער קליינע שפּענדלעך,
ברענג מיר צו נאָך אַש אַ ביסל,
און אויך לויג זאָלסטו מיר ברענגען,
אַז איך זאָל מיין קאָפּ מיר וואַשן,
אָפּוואַשן זיך אַלע גלידער
פון די יעסיענדיקע קוילן,
פון דער סאַזשע נאָך פון ווינטער."

אַניקי, די ווייט־באַרימטע,
האָט די באָד גענומען הייצן,
אָנגעצונדן דאַרע צווייגן,
האָלץ פון דונערן געטראָפן,
און ביים טייך געזאַמלט שטיינער,
זיי באַנוצט אָף מאַכן פּאַרע,
אָנגעטראָגן קוואַליק וואַסער
פון די שוימענדיקע קוואַלן,
בעזימלעך אין וואַלד געריסן,
ווייכע ריטלעך פון די בושן,
האָניק־בעזימלעך צעפּאַרעט
אָף די זיסע שטיינער־שפּיצן,
מאַכט אים לויג פון זויערמילך,
נעמט אים גרייטן ווייכע זייפן,
זייפן זיך אַרומצוּוואַשן,
זייף מיט מילינקעס אַ־פולע,
זאָל זיין קאָפּ דער חתן וואַשן,
זאָל ער וואַשן זיינע גלידער.

און דער מייסטער אילמאַרינען,
ער, פון אייביק אָן דער קאָוואַל,
קאָוועט אַלץ אויס פאַר דער מיידל,
בעסערט אויס פון קאָפּ די קאָפּקע,
און ווען ס׳מיידל הייצט די באָד אָן,
און באַזאָרגט אים אַלץ צום באָדן —
גיט ער איר אין האַנט די זאַכן,

18טע
רונע

און זי הויבט אזוי אָן ריידן:
„כ'האָב שוין אָנגעהייצט די באָד־שטוב,
און די קאמער אָנגעפּארעט,
און די בעזימלעך צעפּארעט,
אלע ריטלעך שוין צעטרייסלט,
וואַש זיך דאָרטן פיל דו ווילסט נאָר,
ווי דיר גלוסט זיך, גיס דאָס וואסער,
זאָל ווי פלאקס דער קאָפּ דיר בלאַסקען,
און ווי שניי — די אויגן פינקלען."

און דער קאָוואַל אילמארינען
גייט אין באָד אריין זיך באָדן,
וואַשט זיך דאָרטן פיל ער וויל נאָר,
וואַשט אָפּ ווייס זיין גאנצן קערפּער,
און די אויגן זיינע פינקלען,
און די שלייפן זיינע בלאַסקען,
ווי אַן איי ווערט ווייס דער האלדז אים,
אלע גלידער זיינע שטראַלן,
ווען ער קומט א־היים פון באָדן,
איז שוין שווער אים צו דערקענען,
ס'האָט זיין פּנים העל געלויכטן,
און די באַקן — זיך גערויטלט.

און ער הויבט אזוי אָן ריידן:
„אַניקי, מיין ליבע שוועסטער!
ברענג מיר איצט א העמד פון לייוונט,
און די בעסטע קליידער ברענג מיר,
וועל איך זיך אַצינד פאַרפּוצן,
זיך פאַרפּוצן ווי א חתן."

אַניקי, די ווייט־באַרימטע,
ברענגט אים גלייך א העמד פון לייוונט
פאַר די שוויס־באַפרייטע גלידער,
פאַר דעם ניט־באַדעקטן קערפּער,
ברענגט אים פלודערן געפּאַסטע,
וואָס גענייט האָט נאָך די מאַמע,
פאַר די ריינע היפטן זיינע,
אַז מען זאָל ניט זען די ביינער.

און זי ברענגט אים ווייכע זאָקן,
וואָס געשטריקט האָט נאָך די מאַמע,
און א רעקל, בלוי פון אויבן,
אונטן — ברוין קאָלירט, ווי לעבער,
אַף דעם העמד פון שיינעם לייוונט,
אויסגעוועבט פון ריינסטע פלאַקסן.
און פון גוט געוואַנט א קאַפטן
מיט פיר פאַסיקלעך געליאַמעט,
גלייך אַף יענעם בלויען רעקל,
אַף דעם נייסטן פון די נייע;
דאַן א פעלץ מיט טויזנט קנעפּלעך,
מיט באַצירונגען אויך הונדערט
אַפן וואָלענעם שיינעם קאַפטן,
מיט א דין געוואַנט געליאַמעט;
ברענגט דעם גאַרטל פאַר די היפטן,
רייך געשטיקט מיט גאָלד א־פולע,
וואָס געשטיקט האָט נאָך די מאַמע,
ווען זי איז געווען א מיידל.
ברענגט אים הענטשקעס פיל־קאָלירטע,
אלע פינגער אויסגעשטריקטע
מיט א קענטעלע א גאָלדנס,
אויסגעשטריקט אין ווייטן לאַפּלאַנד,
אים די שיינע הענט באַדעקן,
און אַף זיינע גאָלדענע לאָקן
ברענגט זי אים א הויכע היטל,
וואָס געקויפט האָט נאָך דער טאַטע,
ווען ער איז געווען א חתן.

און דער קאָוואַל אילמארינען
טוט זיך אָן די שיינע קליידער,
זעט אַז אלע זאָלן פּאַסן,
און ער הויבט צום קנעכט אָן ריידן:
„שפּאַן מיר איין דעם פלינקסטן אָגער
אין דעם שיינעם שליטן מיינעם,

אז איך זאָל איצט קאָנען פאָרן
אין דעם אייזיקן פּאָכיאָלא.״
גיט דער קנעכט אים גלייך זיין
ענטפער:
״איך האָב איצטער גראָד זעקס אָגערס,
פערד וואָס פרעסן אַלע האָבער,
זאָג אַ־וועלכן איך זאָל שפּאַנען.״

זאָגט דער קאַוואַל אילמארינען:
״דעם זשערעבטשיק נעם דעם בעסטן,
נעם דעם לאָשעק אין האַלאַבליעס,
דעם בולאַנעם טו אָן שלייעס,
זעץ אוועק זעקס קוקוק־פייגל,
זיבן פון די בלויע פייגל,
אַף דער וועלבונג פון דעם בויגן,
דאָרט צו צוויטשערן אין בויגן,
אַף די רימענדלעך — צו ליאַרעמעז,
וועלן מיידלעך נעמען קוקן,
און זיי וועלן זיך דערפרייען;
ברענג אַ בערן־פעל מיר איצטער,
אַז איך זאָל זיך אַף איר זעצן,
און אַ וואַלרוס־פעל ברענג נאָכדעם
צו פאַרשפּרייטן מיר דעם שליטן.״

נעמט דער קנעכט גלייך דער געטרייער,
וואָס האָט זיך פאַר געלט פאַרדונגען,
שפּאַנט שנעל איין דאָס פערד אין שליטן,
דעם בולאַנעם אין די שלייעס,
זעצט אוועק זעקס קוקוק־פייגל,
זיבן פון די בלויע פייגל,
דאָרט צו צוויטשערן אין בויגן,
אַף די רימענדלעך צו ליאַרעמעז,
ברענגט אַ בערן־פעל צום שליטן,
אַז דער האַר זאָל אַף איר זיצן,
און ער ברענגט אַ פעל פון וואַלרוס
צו פאַרשפּרייטן אים דעם שליטן.

און דער קאַוואַל אילמארינען,
ער, פון אייביק אָן דער שמידער,
בעט ביי אוקקאָ׳ן דעם באַשעפער,
בעט אַזוי ביים דונער־ברענגער:
״שיק אַ פרישן שניי מיר, אוקקאָ,
ווייכע שנייעלעך נעם וואַרפן,
אַז דער שליטן זאָל זיך גליטשן,
שנעל זיך יאָגן אַף די שנייען.״

שיקט אַ פרישן שניי אים אוקקאָ,
ווייכע שנייעלעך צעוואַרפט ער,
און פאַרדעקט מיט שניי די קרייטער,
און פון יאַגעדעס די בושן.

און דער קאַוואַל אילמארינען
זעצט אין שליטן זיך פון אייזן,
און ער הויבט גלייך אָן צו ריידן,
און ער לאָזט אַזוי זיך הערן:
״שטיי מיר, גליק מיינס, ביי די לייצן,
שיץ מיר, יומאַלאַ, מיין שליטן,
רייס מיר ניט די לייצן, גליק מיינס,
גאָט, צעברעך מיר ניט מיין שליטן.״

און ער כאַפּט אין האַנט די לייצן,
נעמט די בייטש גלייך אין דער צווייטער,
און ער טוט אַ שמייס דעם אָגער,
און ער הויבט אַזוי אָן ריידן:
״נעם, ווייס שטערנדל, זיך לויפן,
פלאַקסן גריווקעלע, נעם יאָגן!״

לאָזט דאָס פערד אין וועג זיך יאָגן
אַף די זאַמדן ביי די ברעגן,
ביי דעם האָניק־זיסן איינשניט,
צווישן בערגלעך פול מיט אָלכעס,
יאָגט געדרווישיק אַף די ברעגן,

איבער טיפע זאמדן דארטן,
פליט דער זאמד אים אין די אויגן,
שפריצט אין בוזעם אים דאס וואסער.

יאגט ער איין טאג און א צווייטן,
און ער יאגט נאך אויך א דריטן,
ענדלעך, אף דעם דריטן טאג ערשט,
יאגט ער אן דעם אלטן וואינאַ׳ן,
און ער הויבט גלייך אן צו ריידן,
און ער לאזט אזוי זיך הערן:
״אָ, דו אלטער וואינאמאינען!
לאמיר זיך צוזאמענריידן,
כאטש מיר בײדע זוכן איינע,
שדכנ׳ען זיך צו איין מיידל:
קיינער נעמט זי ניט מיט כוח,
נאר זי גייט מיט גוטן ווילן.״

זאגט דער אלטער וואינאמאינען:
״לאמיר פרידלעך דורעכקומען —
קיינער נעמט זי ניט מיט כוח,
נאר זי גייט מיט גוטן ווילן,
בלויז א־יענער וועט זי נעמען,
וועמען זי אליין וועט וועלן;
כ׳וועל אף אים קיין שנאה טראגן,
כ׳וועל קיין בייז אף אים ניט טראכטן.״

און זיי נעמען פארן ווייטער,
יעדער אף זיין וועג באזונדער —
ראשיק שניידט די שיף די כוואַליעס,
האסטיק יאגט ביים ברעג דער אגער.

גייט פארביי א קליינע ווילע,
בלויז א רגע איז פארפלאסן,
הויבט דער הונט ביים שטוב אן בילן,
און די הויף־הינט נעמען האווקען
אין דעם פינצטערן פאכיאלא,

אין דעם טונקעלן סאריאלא.
שטיל נאר בייזערט זיך דער שטוב־הונט,
און ער טוט א האווקע זעלטן,
ליגט אזוי זיך אויסגעצויגן,
און ער פאכעט מיט דעם ווידל.

טוט א זאג דער האר פאכיאלא׳ס:
״זע וואס דארטן טוט זיך, טאכטער,
עפעס בילט דער גרויער הונט איצט,
זע וואס וואיעט דער לאנג־אויער.״

ענטפערט קלוג אים גלייך די טאכטער:
״כ׳האב געגנוג נאך ארבעט, טאטע,
כ׳מוז נאך אויסראמען די שטאלן,
און די טשערעדע נאך היטן,
מיט די ברייטע שטיינער מאלן,
און די מעל נאך איבערזיפן,
שווער צו דרייען אט־די שטיינער,
ס׳איז א מאטערניש דאס מאלן.״

שטיל נאך בייזערט זיך דער שטוב־
הונט,
און ער האווקעט דארט אף וועמען,
טוט א זאג דער האר פאכיאלא׳ס:
״זע וואס דארטן טוט זיך, אלטע,
עפעס בילט דער גרויער הונט דארט,
זע וואס וואיעט ער ביים טויער.״

ענטפערט גלייך אים אפ די אלטע:
״כ׳האב קיין צייט ניט און איך וויל ניט,
כ׳האב געגנוג אף זיך מיין ווירטשאפט,
איך מוז ווארעמעס נאך קאכן,
אנגרייטן דעם ברויט דעם גרויסן,
איינקנעטן דאס טייג נאך שטארקער,
ס׳ברויט איז גרויס, די מעל איז דינע —
ס׳פעלט אויס כוח אף צו באקן!״

טוט א זאָג דער האר פּאָכיאָלאָ׳ס:
״נאָר זיי דרייען זיך, די ווייבער,
נאָר זיי האָרעווען, די מיידלעך:
אָט־אָ בראָט מען זיך ביים אויוון,
אָט צעלייגט מען זיך אין בעטן.
גיי שוין דו ארויס איצט, זונע.״

גיט דאָס אינגל אים זיין ענטפער:
״כ׳האָב קיין צייט ניט איצט ארויסגיין,
כ׳דארף די טעמפּע האק נאָך שארפן,
כ׳מוז א גרויסן פּיען צעהאקן,
און א סטאָס מיט האָלץ נאָך שפּאלטן,
גראָבע קלעצער, דינע שייטלעך —
ס׳פעלט אויס כוח אַף צו האקן.״

און דער הונט פון הויף טוט בילן,
און עס האָוקעט אָלץ דער שלאָס־הונט,
און דער ווילדער הונט, ער וואָיעט,
און עס האילט דער אינדזל־וועכטער
ביי דעם ברעג פון פעלד א־דאָרטן,
און ער קרומט ארויף זיין ווידל.

הויבט פּאָכיאָלאָ׳ס האר אָןריידן:
״ניט אָן גרונט וועט גרויִ־הונט בילן,
ניט אומזיסט וועט ער דאָך האָוקען,
ניט אַף סאָסנעס וועט ער וואָיען.״

און ער גייט אליין א קוק טאָן,
גייט א־דורך דעם הויף אינגאנצן
ביז דעם לעצטן ראנד פון לאָנקע,
הינטער אָלע זיינע פעלדער.

זעט ער ביי דעם הונט די מאָרדע,
זעט זיין שפּיץ־נאָז אויסגעצויגן
גלייך צום בערגל פון די שטורעמס,
צו דעם שפּיץ פון אָלכע־בערגל,
און דערזעט דעם גאנצן אמת,
זעט פאררוואָס דער גרויִ־הונט האָוקעט,
און דער ציר פון לאנד טוט האילן,
און דער וואָלן ווידל וואָיעט,
זעט א רויטע שיפל זעגלען
ביי דעם ראנד פון לעמפּאָ׳ס בוכטע,
און א שייך־געפּארבטן שליטן
ביי דעם ראנד פון האָניק־בערגל.

ער אליין, דער האר פּאָכיאָלאָ׳ס,
לאָזט זיך גלייך אין שטוב צוריקגיין,
און ער קומט אריין אין צימער,
און ער הויבט אזוי אָן ריידן:
״ס׳פאָרן צו אונז פרעמדע מענטשן,
און עס פלאטערן די זעגלען
אַף די וואסערן די בלויע,
און א שייך־געפּארבטער שליטן
איז געקומען זייער האסטיק
אַף דעם ברעג פון האָניק־בערגל.״

זאָגט די האָרין פון פּאָכיאָלאָ:
״וואָר־זשע נעמט מען איצט א צייכן
צוליב וואָס די פרעמדע קומען?
טאָכטער, מיידעלע דו מיינע!
קלייב אָן יאסינאָווע שפּענער,
צינד זיי אָן, די שיינע ביימלעך,
פליסט רויט בלוט פון זיי ארונטער —
קומט מען צו אונז איצט זיך שלאָגן,
אויב עס שטראָמט בלויז ריינע וואסער —
וועלן מיר דאָ האָבן פרידן.״

און די קליינע נאָרדלאנד־יונגפרוי,
פּאָכיאָלאָ׳ס באשיידן מיידל,
קלייבט אָן יאסינאָווע שפּענער,
צינדט זיי אָן, די שיינע ביימלעך,

נאָר סע פליסט קיין בלוט ארונטער,
ניט קיין בלוט, און ניט קיין וואסער,
זיסער האָניק פליסט פון דאָרטן,
האָניק טראָפּן, טראָפּ נאָך טראָפּן.

שטיל נעמט סאָוואקא ריידן,
פון איר בעטל רעדט די אלטע:
״אויב סע פליסט דאָרט זיסער האָניק,
האָניק טראָפּן, טראָפּ נאָך טראָפּן —
קומען געסט צו אונז אצינדערט,
קומט א מחנה מיט חתנים.״

גייט די האַרין פון פּאָכיאָלא,
מיט דער האַרין גייט די טאָכטער,
נעמען זיי צום הויף זיך שפּאַנען,
איילן שנעל ארויס אינדרויסן,
און זיי הויבן אָן צו קוקן,
ווארפן צו דער זון די בליקן,
און דערזעען פונדערווייטנס,
ווי עס קומט א שיף נאָענט,
הונדערט ברעטער האָט דאָס שיף,
און עס שווימט אין לעמפּאַ׳ס בוכטע,
ברוינלעך איז דאָס שיף אונטן,
רויטלעך בליאסקעט עס פון אויבן,
און א גיבור זיצט ביים רודער,
זיצט א מאַן דאָרט ביי די וועסלעס;
זעען דעם זשערעבטשיק לויפן,
איינגעשפּאַנט אין רויטן שליטן,
און ער לויפט גערוישיק פאַרווערטס
ביי דעם ראַנד פון האָניק־בערגל,
זיצן דאָרט זעקס קוקוק־פייגל,
זיבן פון די בלויע פליגל,
און זיי זינגען אויף דעם בויגן,
אויף די רימענדלעך די ברייטע,
און א שטאָלצער העלד אין שליטן
האַלט אצינד אין האַנט די לייצן.

און די האַרין פון פּאָכיאָלא
הויבט אזוי אָן גלייך צו ריידן:
״זאָג, א־וועלכן וועסטו וועלן,
אויב זיי קומען ווי חתנים,
אים א פריינדין זיין אין לעבן,
א געליבטע הינדעלע זיינע?

״דער, וואָס פאָרט דאָרט אין דעם שיפל,
אין דעם שיפעלע דעם רויטן,
שווימט ארום אין לעמפּאַ׳ס בוכטע,
איז דער אלטער וואינאַמאָינען,
אוצרות פירט ער אין זיין שיפל,
גאָלד מיט זילבער פירט ער דאָרטן.

״דער, וואָס פאָרט אויף דער יבשה,
אין דעם פיל־קאָלירטן שליטן,
ביי דעם ראַנד פון האָניק־בערגל,
איז דער קאַוואַל אילמאַרינען,
קומט מיט ליידיקן אהערצו,
בלויז מיט צוזאָגן אין שליטן.

״ווען זיי וועלן שוין אריינגיין,
זאָלסטו מעד א קריגל ברענגען,
מיט צוויי אויערלעך דאָס קריגל,
טראָג צו יענעם צו דאָס קריגל,
וואָס דו ווילסט אים פאַר א חתן,
זאָלסט עס צוטראָגן צו וואינאַ׳ן,
אַל־דאָס גוטס פירט ער אין שיפל,
אוצרות גאַנצע פירט ער דאָרטן.״

נאָר פּאָכיאָלאַ׳ס שיינע מיידל
ענטפערט איר אזוינע ווערטער:
״מאַמע! דו האָסט מיך געטראָגן,
האָסט אליין מיך אויפגעצויגן!
ניט קיין רייכטום וועל איך קלייבן,
ניט קיין מאַן מיט גרויסע אוצרות,
איך וועל אויסקלייבן דעם שיינעם,

נעמען וועל איך נאָר דעם שטאַרקן,
קיינמאָל אין די אַלטע צייטן
האָט מען ניט פאַרקויפט קיין מיידל;
איך וועל גיין אָן גאָלד און זילבער
צו דעם יונגן אילמארינען,
וואָס האָט אויסגעשמידט די סאַמפּאָ,
און דאָס פּיל־קאָלירטע דעקל."

זאָגט די האַרין פון פּאָכיאָלא:
"אי, ביסטו א נאַר, מיין טייערס,
אילמארינענ'ען צו נעמען!
וועסט אים דאַרפן וואַשן העמדער,
אויסווישן פון שווייס דעם שטערן,
און דעם קאָפּ פון סאַזשע וואַשן."

ענטפערט איר אַזוי די טאָכטער,
אָט אַזוי הויבט זי אָן ריידן:
"ניין, איך וויל ניט נעמען וואַינאָ'ן,
כ'וויל דעם שוואַכן ניט באַדינען —
שווער צו זיין מיט אַלטע מענער,
אומעט וועט מיך שטענדיק דריקן."

דאָ קומט אָן שוין וואַינאַמאָינען,
ער דערגרייכט דעם ציל א־פריער,
און ער שטופּט דאָס רויטע שיפל,
און ער שטעלט דאָס בלוי־געפאַרבטע
אויף די אייזנשטאַרקע ראָלקעס,
און פאָרט גלייך צום קופּער־באָרטן,
גייט א־דורך דעם הויף אינגאַנצן,
גייט געשווינד אריין אין שטיבל,
און הויבט אָן שוין דאָרטן ריידן,
ביי דער טיר שוין, ביי די שוועלן,
און ער זאָגט אַזוינע ווערטער,
לאָזט אַזוי זיך גלייך דערהערן:
"ווילסטו, שיינע מיידל, ווערן
מיר מיין פריינדין אפן לעבן,

מיינע טעג מיט מיר זיך טיילן,
זיין דאָס הינדעלע דאָס ליבע?"

און אליין דאָס שיינע מיידל
גיט אים גלייך אַזוי איר ענטפער:
"האָסטו שוין געמאַכט דאָס שיפל,
אויסגעבויט די שיף די גרויסע
פון די ווערעטענע־שפּליטער,
פון די שטיקלעך פון מיין שפּינדל?"

זאָגט דער אַלטער וואַינאַמאָינען,
און ער הויבט אַזוי אָן ריידן:
"כ'האָב געמאַכט א שיינע שיפל,
זייער שטאַרק די שיף געבויעט —
זי זאָל אויסהאַלטן די ווינטן,
איבערטראָגן אַלע שטורעמס;
ווען זי שווימט א־דורך די כוואַליעס,
אויף דעם רוקן פון די ימים,
זאָל זי ווי א בלעזל שווימען,
ווי א בלימעלע זיך וויגן
דורך די שטראָמען פון דעם נאָרדלאַנד,
דורך די שוימענדיקע כוואַליעס."

און פּאָכיאָלא'ס שיינע טאָכטער
האָט אַזוי אים גלייך געענטפערט:
"מיר געפעלט קיין מאַן פון ים ניט,
דער וואָס לעבט אויף כוואַליעס
שטענדיק —
זיין געדאַנק פאַרטראָגן שטורעמס,
און זיין מוח — בייזע ווינטן,
קיינמאָל וועל איך דיינע ווערן,
קיינמאָל זיך מיט דיר פאַרבינדן,
ווי דיין פריינדין אפן לעבן,
ווי א הינדעלע א טייערס,
און די בעט פאַר דיר ניט בעטן,
פאַר דיין קאָפּ די קישנס לייגן."

אונטאמאַ — דער גאָט פון שלאָף, קאַלערוואָ׳ס ברודער.

אוקקאָ — דער העכסטער גאָט; דער גאָט פון דער לופט, באַהערשער פון דונער, טרעגער פון די הימלען. ער פירט די וואָלקנס, שיקט רעגן, היילט קראַנקהייטן. ער וואוינט אפן ניינטן הימל.

אונטאמאָלא — דאָס וואוין-אָרט פון אונטאמאָ.

איינאָ — יאָוקאהיינענ׳ס שוועסטער. צו איר האָט זיך געשדכנ׳ט וואינאַמאָינען.

אילמארינען — פיל-געלויבטער קאָוואַל-מייסטער, וואינאמאָינענ׳ס ברודער און נאָך אים דער באַרימטסטער העלד פון קאַלעוואַלאַ; ער זאָל האָבן אויסגעהאַמערט פון לופט דעם הימל.

אכטאָ — דער וואַסער-גאָט; לעבט אין די טיפן צוזאַמען מיט זיין ווייב וועלאמאָ.

אכטי — דעם העלד אילמארינען רופט מען אויך אַכטי.

אניקי — אילמאַרינענ׳ס שוועסטער.

אָסמאָ — דער זעלביקער וואָס קאַלעווא; אַמאָל ווערט אָסמאָ גענוצט צו באַצייכענען קאַלעוואַלאַ, אָדער דאָס וואוין-אָרט פון קאַלעווא.

האָרנא — אַ פעלז, אף וועלכן עס האַלטן זיך בייזע גייסטער.

האלעפיארא — אַן אומבאַקאַנטער וואַסערפאַל אין טאוואַסטלאַנד.

היסי — בייזער גייסט, לעבט אין די טיפע ווילדע וועלדער און אף הויכע בערג.

וואוקסען — אַ טייך אין קאַריאלא; אַרום וויבאָרג פאַרמירט ער דעם גרעסטן וואַסערפאַל אין אייראָפּע — דעם אימאטרא.

וואינאָ — נאָך אַ נאָמען פאַר דעם העלד וואינאמאָינען.

וואינאָלא — דאָס וואוין-אָרט פון וואינאמאָינען. אָפט ווערט עס געברויכט צו באַצייכענען גאַנץ קאַלעוואַלאַ.

וואינאמאָינען — נאָמען פון גרעסטן זינגער און מכשף; קאַלעוואַלאַ׳ס הויפּט-העלד.

וויפּונען — אַן אַלטער באַרימטער כישופמאַכער און זינגער.

וועלאמאָ — הערשערין פון געוויסער; געווען אַמאָל אַכטאָ׳ס ווייב און מיט אים געוואוינט אין אַכטאָלאָ.

וועלאמאָס מיידלעך — וואַסער-נימפן.

טואָנעטאר — אַ מיידל אין טואָני, נעמט אויף די טויטע, וואָס מען ברענגט אין לאַנד פון די טויטע.

טאפּיאָ — דער גאָט פון פליינען און פון וועלדער.

טאפּיאָלא — דאָס וואוין-אָרט פון טאפּיאָ.

טואָני — דער גאָט פון טויט, הערשער פון דער טויטן-וועלט — טואָנעלא.

טואָנעלא — דאָס קיניגרייך פון טויטע, דאָס זעלביקע וואָס מאַנאלא.

טורי — דער גאָט פון האָניק-לאַנד.

טוריא — נאָמען פון אַ וואַסערפאַל אין רוטיא.

יואַטאַס — אַ בייזער גייסט, ענלעך צו היסי׳ן; אַמאָל אידענטיש מיט היסי׳ן.

יומאַלאַ — דער העכסטער גאָט, דערזלעבער וואָס אוקקאָ.

יאָוקאַהיינען — דער יונגער באַרימטער העלד, זינגער און מכשף פון לאַפּלאַנד.

יאַוקאַלאַ — געגנט, וואו יאָוקאַהיינען וואוינט אין לאַפּלאַנד.

לאָוכי — די הערשערין פון פּאָכיאָלאַ; ווערט באַטראַכט ווי די געטין פון פינצטערניש און קעלט. זי האָט אַוועקגערויבט די זון און די לבנה און זיי באַהאַלטן אין אַ באַרג.

לעמינקיינען — דער דריטער הויפּט-העלד פון דער קאַלעוואַלאַ.

לעמפּאָ — אַ בייזער גייסט, אָפט אידענטיש מיט היסי׳ן.

מאַנאַ — הערשער פון דער טויטן-וועלט; אין זיין רשות שטייען פייער, וואַסער און קראַנקהייטן צו טויטן די מענטשן. ער אַליין היט נאָר די טויטע.

מאַנאַלאַ — דאָס לאַנד פון די טויטע, יענע וועלט.

מיעליקי — טאַפּיאָ׳ס ווייב, די גוטע, די שפּרייטערין פון מתנות; טראָגט אויך דעם נאָמען מימעריקי.

מעטזאָלאַ — וואַלד-היים, דאָס זעלבע וואָס טאַפּיאָלאַ.

סאַארי — אַן אינדזל, אַף וועלכן עס האָט געלעבט די שיינע קילי.

סאַמפּאָ — אַ כישוף קעסטעלע מיט אַ פּיל-קאָלירטן דעקל.

סאַריאָלאַ — דאָס זעלביקע וואָס פּאָכיאָלאַ.

סואָמי — פינלאַנד.

סואָנעטאַר — די געטין וואָס וועבט און שיצט די אָדערן.

סואַוואַנטאָלאַ — דאָס זעלביקע וואָס קאַלעוואַלאַ.

סואָוואַקאָ — אַן אַלטע כישופמאַכערין פון פּאָכיאָלאַ.

סורמאַ — גאָט פון טויט, דער טויט.

פּאַאַיוואַטאַר — די טאָכטער פון דער זון, אַ געטין פון דער לופט.

פּאָכיאַ, פּאָכיאָלאַ — דער צפון׳דיקער טייל פון פינלאַנד; אַמאָל ווערט דאָס וואָרט גענוצט צו באַצייכענען אַ דאָרף, און אַמאָל — בלויז איין הויף.

פּיסאַ — אַ הייליקער באַרג אַזאַ.

פּעלערוואָינען — דערזעלביקער וואָס סאַמפּסאַ. באַשיצער פון פעלדער, ביימער און פלאַנצן.

פּאַלוואָינען — דער גאָט פון האָניק-לאַנד. דערזעלבער וואָס טורי.

קאַאופּי — באַרימטער שניצער פון גליטשערס אָדער שניי-שיך.

קאַווע — אַ געטין פון דער לופט, אויך באַקאַנט מיטן נאָמען אילמאַטאַר. זי איז וואינאַמאָינענ׳ס מוטער.

קאַלמאַ — אַ גאָט וואָס היט די טויטע.

קאָוקאָ, קאָוקאָמיעלי — נעמען פון העלד לעמינקיינען.

קאַלעוואַלאַ — דאָס לאַנד פון קאַלעוואַ-שטאַם; צו וועלכן עס געהערן וואינאַמאָינען און אילמאַרינען — פינלאַנד.

קואוטאַר — די טאָכטער פון דער לבנה; אַ געטין פון דער לופט.

קאַטראַקאָסקי — אַ וואַסערפאַל אין קאַריאַלאַ.

קילי, קיליקי — אַ שיינע מיידל פון סאַארי, וועמען לעמינקיינען כאַפּט און פירט זי אַוועק אַ-היים, וואו ער האָט מיט איר חתונה.

